אַ האַרציקן יישר־כּוח מיין פריינד
אברהם סוצקעווער
פאַר זיין חברישער דערמוטיקונג
און ממשותדיקער הילף.

דאָס בוך איז אַרויסגעגעבן מיט דער הילף פון :

יידישן ליטעראַטן־און זשורנאַליסטן־פאַראיין אין ישראל ;
קרן תל־אביב לספרות ולאמנות ע״ש יהושע רבינוביץ ;
אליעזר פּינעס־פאָנד פאַר קולטור און ליטעראַטור ;
קולטור־פאָנד ביים ארגון יוצאי לובלין בישראל ;
פּנחס און חיה הובערמאַן־פאָנד וואַנקוווער, קאַנאַדע.

אינהאַלט:

אַלע מענטשן און געשעענישן וואָס ווערן דאָ געשילדערט זענען אויסגעטראַכטע און ווער עס פּרוּווט זיי אידענטיפיצירן מיט דערווירקלעכקייט טוט דאָס אויף אייגענער אחריות.

דער מחבר

# אַ פּוסטער חלום

## א.

אַ דריישטאָקיקער בנין. לאַנגער טונקעלער פּרוזדור. קלײנע חדרימלעך. ס'ליכט דורכן פענצטער קומט פון אַ הויף אַרומגעשטעלט מיט בנינים.

מר דגני, דער מנהל, האָט זיך געמאַכט אַ מנהג: אַלע אין דער פרי, ווי נאָר מען זעצט זיך צום טיש, מאַכט ער אַ שפּאַציר איבער די חדרים, עפנט די טיר; וואַרפט אַריין אַ „שלום". אָפט פאַרהאַלט ער זיך, שטייט אונטער אַ מינוט צוויי, טוט אַ מעסט מיט די אויגן די גראָע, נאַקעטע פיר ווענט, די פּאַליצעס מיט אַקטן־טאַשן, פּנקסים, פירט איבער דעם בליק אויפן פנים וואָס איבערן טיש פּאַפּירן און גייט ווייטער.

ווייסט מען שוין:

— אַנשטעל.

פאַרשפּעטיקט עמעצער עטלעכע מינוט אין דער פרי, טרעפט ער אַהיימ־גיין וועמען פאַר דער צייט — פאַרציט זיך אַ גרימאַס אויף זיין פנים, ווי אַ שלעכטער ריח וואָלט אים אַ שלאָג געטאָן אין נאָז. אַ פייכטקייט באַדעקט זיינע ליפּן פון ברייטן מוילשניט. דער גרויער קאָפּ אויפן הויכן האַלדז באַ־וועגט זיך אויף „ניין": ער איז נישט מסכים אויף אַזאַ פירעכץ.

שמייכלט מען. מען קוקט זיך איבער.

מר דגני איז אַ מבין דערויף:

— ס'געלעכטער מאַכט מען פון אים. זלזול.

תמיד נאָך דעם ווי עטלעכע האַרבע ווערטער גליטשן זיך אַרויס פון זיין מויל — ס'טרעפט אויך אַז די ווערטער גייען איבער אין אַ הייזעריק, געדעמפּט קול — כאַפּט ער זיך:

נישט באַדאַרפט. ס'פּאַסט נישט.

טוביה העלער האָט דער ערשטער געמערקט די אומשטאַנדהאַפטיקייט

פון זיין שעפֿ. איז ער מלמד זכות: אַ מענטש פון דאָרטן. שוין נישט קיין יונגער. עולה געווען ניינצן ניין און פערציק.

אויך ער איז אין דעם יאָר עולה געווען. עס קלינגט אים נאָך היינט אין די אויערן דער אָפּהילך פון די שטיינער אין די וואַגאָנעס פון עשאַלאָן רעפּאַטריאַנטן — און די חוזק־געשרייען:

Witajcie Rodacy Witajcie Brodacy

אַליין אַוועק פון דער היים. צוריקגעקומען און קיינעם נישט געטראָפֿן. געהערט, אַז מען שמוגלט די גרענעץ קיין דייטשלאַנד און פון דאָרטן מיט אומלעגאַלער עליה קיין ישראל — האָט ער זיך גלייך געלאָזט אין וועג אַריין.

דייטשלאַנד. פּליטים־לאַגער. צוויי גרויסע הייף. בלאָקנהייזער. ענגע, קליינע חדרימלעך. אַ קאָמפּאַקט לעבן. אַרום זעקס טויזנט נפשות. מען זיצט אויף די וואַליזקעס. אויף „קעסט" פון „אונראַ" און „דזשאָינט" זיצט מען. מען וואַרט אויף עליה. אויף אָפֿענע טויערן וואַרט מען.

ער וווינט בשכנות פון אַ מאַמע מיט אַ טעכטערל. איז אָן אָפּטער איינגייער צו זיי. אַ שיין געוויקסיק מיידעלע, דאָס טעכטערל, הינדעלע. יונגער פון אים מיט אַזוי פיל וויפל איר מאַמע, צירל, איז פון אים עלטער. צירל די אלמנה, אָדער צירל די שיינע האָט מען זי גערופֿן.

אַ גוט־שמעקעדיק גלעזל טיי אין די האַרבסטיקע טעג, אָוונטן. אַ מאָל — אַ היימישער ביסן, אַ לעפל געקעכטס, האָט אַזאַ שטייגער ווי ער, אַן עלטערער בחור, געצויגן צו מאַמע און טאָכטער.

און אַז מ׳קומט אַריין, זיצט מען שוין אונטער, כאַפּט מען אַ שמועס.

פֿאַראַן אַ שעה צווישן נאַכט און פֿאַר טאָג, ווען ס׳איז שווער מבחין צו זיין פון אַ הונט ביז אַ וואָלף. אַזוי האָבן הינדעלעס גרינלעך־בייגעריקע־אויגן געקוקט אויף אַ מאַן: נישט באַנומען דעם אונטערשייד פון אַ דערוואַקסענעם יינגל, אַ בחור און אַן עלטערן מאַן. אַ שמייכל פון אַזאַ איינעם, אַ פֿאַרבייי־לויפֿיקער בליק — און אַ ליכטיקייט, ווי נאָכן אָוועקשאַרן אַ פֿאַרהאַנג פון אַ פענצטער, האָט באַדעקט איר העל פנימל, ס׳פֿאַרשאָטנטע.

פֿאַרהאַלט זיך דער בליק אַ ביסעלע לענגער — רייטלען זיך די בעקעלעך. אַ נערוועזער צוק אַרום אַ צעבליט מיילעכל, אַ גרין פייערל צינדט זיך אין

די אויגן.

צירל האָט נישט איין מאָל איינגעקוקט זיך אין הינדעלעס פּנימל צו העלערס אַריינקומען. זי האָט בעת מעשה באַמיט זיך פאַריאָגן יעדן שפּור פון חשד אין איר בליק. עס האָט איר ווי געטאָן, ווי אַ שטאָך פון אַן איינשפּריץ־נאָדעלע — ווי געטאָן און געהיילט:

— איר הינדעלע, איר טרייסט.

צירל:

אַ יונגער האָלדז. יונגער גלאַנץ פון שוואַרצע האָר. זיי רעמען איין איר שיין, ברונעט פּנים. גרינער שימער פון גראָ־ראָבע אויגן. פאַרקיילעכטע, רונדע אַקסלען. צוויי אײדעלע ליניעס פירן אַראָפּ צו איר כמעט מיידלשער טאַליע. צירל איז תמיד אין שטוב. „שטוב" — אַ חדר פון אַ גרעסערער דירה צעטיילט מיט דיקטווענטלעך.

טרעפט, אַז הינדעלע קומט אָן, זעט מאַמען און העלערן זיצן, פאַרהאַלט זי זיך אַ מינוט־צוויי לענגער ווי מען דאַרף אין דער אָפענער טיר, לאָזט אויף ביידן הענגען אירע בליקן, אַ שטייגער זי וויל זאָגן:

— איך בין אויך דאָ.

צירל שמייכלט, רופט איר צו נענטער צו זיך, גוט אַ פּיר מיט דער האַנט איבער איר קעפּל, טוט דערביי אַ פאַרשערישן קוק אין טעכטערלס אויגן.

זי וואָלט אַ בעלן זיין וויסן, וואָס טראַכט אַצינד איר מיידעלע.

די התנהגות פון ביידע, ס׳קעכלען אים, די דאגה פאַר זיין גוטן אויסזען, פאַר אַלע קליינע באַדערפענישן פון אַן עלטערן, עלנטן בחור — האָט העלערן אָנגעפילט מיט תשוקה, מיט רצון צו לעבן.

אין ווען וואַרצלט נישט דאָס געפיל פון אמתער פריינדשאַפט און טוט זיך אָן, ווי אַ כישוף־רייף, אויף די מיט ווען מען קומט אין נאָענטסטן באַריר?

מאַמע און טאָכטער האָבן עס אַוודאי אָפּגעפילט, ביידע האָבן די פריינדשאַפט אויסגעטייטשט אויף זייער שטייגער:

— איר זענט שוין נישט אַזוי יונג און נאָך נישט אַזוי אַלט — האָט די קליינע איין מאָל אים געענטפערט אויף זיינס אַ פראַגע „פאַר וואָס זי אירצט אים".

און איר מאַמע?

— אַזאַ יונגער מאַן האָט שוין פון לאַנג געמעגט הערן שפּילן.



העלערס קורצע ביאָגראַפיע פון סעפּטעמבער ניינצן ניין און דרייסיק ביזן קומען דאָ אַהער — האָבןביידע שוין פון לאַנג געוווּסט: מאָביליזירט אין דער פּוילישער אַרמיי; אַריינגעפאַלן אין דייטשישן פלען; אַנטלויפט. ביי מאַלקין אַריבער די גרענעץ: רויטע אַרמיי; זיין פאַלק ווערט צעקלאַפּט; וואַלד; פּאַרטיזאַן. ער ווערט פאַרוווּנדעט. אין מיטן נאַכט באַפאַלט מען ס׳פאַרמאַסקירטע פעלד־שפּיטאָל. בלייבט ליגן הינטער אַ קשאַק. אויף אַ קרייצוועג, ביי אַ צלם מיט אַ צוגעטשוועקעוועט יויזל — זיצט ער, אַ קאַליקע. פאַרבייגייענדיקע, גוטע פּויערטעס אין אַרעמע קליידער, כוסטעס אויף די קעפּ — צלמען זיך פרום איבער און וואַרפן צו שטיקלעך ברויט, עטלעכע גראָשן.

מיטלאַזיע. רעפּאַטריאַציע.

צום ערשטן מאָל אַריינקומען צו צירלען אין שטוב — האָט זי אים גלייך דערקענט:

— אַ מעזריטשער? יאַנקל בערשטלמאַכערס עלטסטער זון?

יאַנקל דער שוואַרצער, האָט מען זיין טאַטן גערופן. צירלס עלטערן האָבן געוווינט נאָענט פון זיין ווערקשטעל. אַ יאָר צען איז זי דעמאָלט אַלט געווען, צירעלע. איר מאַמע פלעגט איר אָפט מיטנעמען צום בערשטלמאַכער. ער שטייט איר פאַר די אויגן, זיין טאַטע — אַ ברונעט פּנים, שוואַרצע, געדיכטע ברעמען און אַ שוואַרצע באָרד. מער פון אַלץ געדענקט זי דעם פלאַם פון זיינע שוואַרצע אויגן.

כאָטש דער גרעסטער טייל מעזריטשער ייִדן האָט געצויגן חיונה פון בערשטלמאַכעריי, האָבן אַלע אין שטאָט באַדאַרפט צום שוואַרצן יאַנקל. פון אַ ציינבערשטעלע פוצבערשטלעך צו שיך, צו מלבושים, בערשטלעך פון האָרטן שטרוי צו וואַשברעטלעך, בעזעמס און אייל־פענדזלען, לאַווקאַוועצעס צו קאַלכן, סלאָמיאַנקעס און געפלאָכטענע האַנטקיישלעך, שטרויענע קינדער־וויגן און בעטלעך — ביז סטרונעס צו אַ פידל פון פערדישע ווייַדלס — אַלץ

ביים שוואַרצן יאַנקל.

ווי אַזוי רופט מען דיך, מיידעלע, האָט צירל ליב געהאַט נאָכצודערציילן, ווי אַזוי זיין טאַטע פלעגט איר פרעגן, צירעלע רופט מען דיך אַ יאַ? ער גיט איר אַ קניפּ אין בעקל. נעמט איר אויף די קני. און, אַז קיין קונים זענען נישטאָ— שמועסט ער זיך מיט איר אויס:

— האָסט מיך ליב, צירעלע?

— איר זענט דאָך אַ גרויסער.

— אויך דו וועסט אויסוואַקסן אַ גרויסע. אַ שיין כלה־מיידל. ווער מיר גוטס־גינט... זי האָט ליב געהאַט הוידען זיך אויף זיינע קני, איינאָטעמען דעם ריח פון זיין בערדיק פּנים. ער פלעגט איר פאַרפלעכטן די צעפּלאָשעטע צעפּלעך.

— און די שוואַרצע צעפּלעך ווו האָסטו גענומען.

זי האָט געשוויגן.

— און די קעצישע אייגעלעך?

— ביי דער מאַמען.

אויך נאָך דער חתונה — אַ מאַמע פון אַ קינד — פלעגט זי פאַרביי־גייענדיק אָפט אָפּטרעטן אין ווערקשטעטל. דער זעלבער שוואַרצער יאַנקל. קיין איין גראָע האָר אין דער באָרד. דער זעלבער גלאַנץ אין די טונקעלע, פלאַמיקע אויגן.

— פאַר וואָס זעט מען דיך אַזוי ווייניק?

זי האָט געשוויגן. יאָסל בובעס, איר מאַן עליו השלום, האָט איר נישט געלאָזט די שוועל פון יאַנקלס ווערקשטעטל איבערטרעטן. האָט זי זיך ווענס לענגער אין גאַס פאַרזאַמט, האָט זי תיכף געזען אַ גרימאַס אויף זיין פּנים. קיין גוטס האָט דער גרימאַס נישט אָנגעזאָגט: — דו מאַך מיר נישט קיין אָפּטריט ביים שוואַרצן יאַנקל.

„בובעס” האָט מען אים גערופן מחמת זיין שיינקייט: אַ שטאַרקער, הויכער מאַנצביל מיט אַ שיין כמעט מיידלעריש פּנים, אַ בובע; אַ ליסע קאָפּ אויף יוסטע אַקסלען; לאַנגע הענט. פון פאַך — אַ דראָזשקאַש. אַ הויכע שטימע, אַ טרוקענע האָט ער געהאַט, זי האָט זיך ווייניק געלאָזט הערן, אַ קנאַפּער ריידער געווען. קאַנטיק, אַז אַלע זיינע אברים האָבן גע־

אַרבעט מער ווי דער קאָפּ. גאַנץ מעזריטש האָט אים געקענט פאַר אַ „ווילן־יונג”. קיין שלעכטס האָט ער, חלילה, קיינעם נישט געטאָן, כאָטש ער איז נישט פויל געווען הייבן אַ האַנט. אדרבא, טאָן אַ טובה עמעצן איז ער גרייט געווען אין פייער אַריין צו גיין.

וואָס האָט זי פון זיין שיינקייט און פון זיין גוטן האַרץ, אַז קיין גלייך וואָרט האָט זי פון אים קיין מאָל נישט געהערט — פלעגט זי זיך קלאָגן פאַר די שכנים. נו, יאָ, — האָט מען צוגעשאָקלט מיט די קעפּ — אַ שיינער עפּל און ... ווערעמדיק. נו, מילא. אַצינד איז שוין נישטאָ וואָס צו ריידן. זאָל ער דאָרט רוען אין ליכטיקן גן־עדן — האָט זי זיך תמיד פאַרענטפערט.



פון קליינעם חדר איז געוואָרן אַ שטוב, אַ היים. העלע־ס אַלקערל, נישט ווייט פון מאַמע און טעכטערל, האָט גיכער דערמאָנט אין אַן אָרעם, ביליק האָטעל־צימערל, ווו מען קומט איבערשלאָפן אַ נאַכט.

ווי אַ בן־בית איז ער געקומען און אַוועקגעגאַנגען. האָט זיך אים גע־גלוסט — איז ער געבליבן, זיך צוגעלייגט אויפן בעטל, אַריינגעקוקט אין אַ צייטונג, זיך אַוועקגעזעצט לעם טיש. פאַרלייגט אַ פוס אויף אַ פוס, דעם קאָפּ — אויפן שטול־אָנלען. שווייגט. און, אַז ער רעדט פאַר מאַמע און טאָכטער — דאַרף ער נישט קלייבן די ווערטער, ווי אַ גאַסט אויף אַ ווייל, וואָס וויל נושא חן זיין אין די אויגן פון די מארחים.

טרעפט ער ווענס אַ פאַרשלאָסענע טיר — ווייסט ער שוין ווו דער שליסל ליגט. גייט אַריין, מאַכט זיך אַ גלעזל טיי, קוקט אַריין אין אַ בוך. קומט הינדעלע די ערשטע, פרעגט ער:

— און די מאַמע ווו איז?

זי ענטפערט פאַרדראָסיק:

— און איך? מיט מיר האָט איר נישט וואָס צו ריידן?

צירל קומט אָן. דאָס קליידל, די ספּודניטשקע, וואָס זי טראָגט אויף זיך — איז אויסגעפּרעסט, ריין. איידלט אויס איר שטאַלטנע כמעט מיידלשע פיגור. און אין די ראָבע אויגן — אַ היימיש פייערל:

— כ׳האָב געהאַט אַ געפיל, אַז כ׳וועל דיך דאָ טרעפן.

ער שמייכלט. מאַמע און טעכטערל שמייכלען. די קליינע נעמט זיך עפּעס טאָן. צירל זעצט זיך אַנידער. ביידע זיצן ביים טיש און שווייגן.

ס'איז אַ שווייגן, וואָס איז מכפּר אויף אַ סוד, וואָס ביידע טראָגן אין זיך. ביידע ווייסן פון אים און ווילן אים אויסבאַהאַלטן איינער פאַרן אַנדערן.

העלער האָט באַשיימפּערלעך געזען, אַז צירל האָט מיטן חוש פון אַ פרוי און אַ מאַמע פון אַן אונטערוואַקסנדיק מיידל, געשפּירט הינדעלעס חלק אין זיין אַריינקומען אין שטוב. ביידע געבן אים דאָס, וואָס אים פעלט — אַ היים.

און די גאַס ?

די גאַס האָט אויגן : האָט אויערן און — צינגער :

—וואָס טוט ער דאָרט גאַנצע טעג און נעכט ?

— רעדט מיט דער מאַמען און מיינט די טאָכטער.

— ס'איז אויך רעכט פאַרקערט . . .

— און די ריינע אויבערהעמדער, די אויסגעבערשטלטע מאַרינאַרקע, וואָס ער טראָגט ?

— און די מראה זיינע ?

— אַ מראה פון איינעם, וואָס האָט געוווּנען אויף דער לאָטעריע.

צירל האָט מיט שטילער פרייד און מיט אַן אינעווייניקסטן ניגון, וואָס זי אַליין נאָר קאָן אים הערן — געטראָגן אין זיך דעם סוד, וואָס איז אויך פאַר הינדעלען קיין סוד נישט געווען . . .

העלער האָט אויך נישט פאַרזען דאָס צעבלאָזענע פּייערל פון בלויען גרוי, דעם תמימותדיקן אין דער קליינערס אויגן. אים איז גוט געווען מיט ביידע. צוויי פרויען. דאָס זעלבע בלוט אין זייערע אָדערן. הינדעלע ווערט פון טאָג צו טאָג שענער, רייפער. פון אירע גלוסטיקע, נסתרע בליקן קוקט אַרויס די שיינע, שטאָלטנע מאַרגנפרוי. אין איר מאַמעס תנועת — זעט ער דאָס יונגע מיידעלע פון נעכטן : צירעלע די שיינע.

אין ביידנס אויגן — גרינער גלאַנץ. דער טאָכטערס — לויטער און קלאָר. דער מאַמעס — פאַרטונקלט און טרויעריק. הינטערן טרויער — אַ קליין פייערל.

נאָר אים אַליין, העלערן, וואַרעמט דאָס פייערל.

קוקט זי נישט אויף אים, צירל, מיט די פאַרליבטע אייגעלעך פון קליי־

נעם, צעניאַריקן מיידעלע אויפֿן שוואַרצן יאַנקל ? „דער גאַנצער טאַטע" — האָט זי אים נישט איין מאָל געזאָגט. „אפילו די שטים, דאָס קול, דאָס וואַ־רעמע, האַרציקע — דער טאַטע פֿון אויג אַרויס".

בענקט זי נישט צום גלעט פֿון די האַרטע, מענערישע פֿינגער ? צום באַריר פֿון בערדיקן פּנים ?

„האָסטו מיך ליב, צירעלע ?"

אַוודאי האָט זי אים ליב, דעם שוואַרצן יאַנקל — האָט זי זיך געשעמט צו זאָגן.

ב

שפּעט ביי נאַכט. העלער ליגט ביי אַן אָפֿן פֿענצטער. לייענט אַ בוך. פֿאַרשטייט נישט, וואָס ער לייענט. מישט די בלעטער און אין קאָפּ — מישן זיך זכרונות, געדאַנקען. אַ קנויל, אַ פּלאָנטע. די אויגן פֿאַרמאַכן זיך און עפֿע־נען. ער געדענקט, אַז ער דאַרף שלאָפֿן, ער דאַרף אין דער פֿרי גיין צו דער אַרבעט — און די נאַכט גייט אים אויס. ערשט אַ האַסטיקער קלאַפּ פֿון בוך, וואָס האָט זיך, אַ פּנים, אַ גליטש געטאָן פֿון די הענט און אַראָפּגעפֿאַלן — האָט אים איבערגעוועקט — אַ סימן : ער איז געשלאָפֿן. האַלט ער ווידער אָפֿן די אויגן. קוקט זיך אַרום : אַ קליין חדר. אַ פֿוטרינע אַן אַ טיר פֿירט אין קיך אַריין. אַ קליין קיכל. אַ בענקל. אַ פּרימוס. ס׳געפֿעס — אויף אַ הענג־שענקל. ער פֿירט זיין פֿאַרשלאָפֿענעם בליק איבער אויף די ווענט פֿון שטוב. נאַקעטע ווענט. אַ ביכער־שאַנק. ער גייט אַראָפּ פֿאַרלעשן ס׳ליכט, פֿאַרשליסן די טיר.

ווייסט ער שוין, העלער ; ער וועט אַזוי גיך שוין נישט איינשלאָפֿן. מחשבות. ווי אַראָפּגעפֿאַלענע רעדער פֿון אַ וואָגן קאָלערן זיי זיך . . . אַן אַלטער בחור איז ער, ער איז ווייט אַריבער דעם עלטער, וואָס ס׳פֿאַרהיימישן זיך מיט דער סביבה, בעיקר מיט פֿרויען — קומט נישט אָן אַזוי גרינג. ווער פֿון די היגע מיידלעך קוקט אויף אַזאַ שטייגער ווי ער : אַן אַלט־יונג פּנים ; אומרויִקע אויגן. דער בליק — אַ נישט־היגער, אַ צוריקגעהאַלטענער בליק פֿון אַן אַלטן קאַוואַלער. אַרום די אויגן — קנייטשעלעך, אַ שריפֿט, אַן אומ־באַקאַנטע, אַן אומלייענבאַרע . . .

אַ פרוי, אַ חבר, אַ מענטש דאַרף ער, וואָס זאָל די שריפּט לייענען — אַ פרוי, וואָס זאָל אַ בריק אָנציִען אויף אַריבערצושפּאַנען דעם מדבר פון דער בדידות — אַ בריק צום גרינעם אָאַזיס פון היגן לעבן.

וואָס לענגער ער לעבט דאָ אַלץ קלאָרער ווערט אים דער זינען פון זאַכן: דער ממשות פון יש, פון דינאַמישן כוח, וואָס וואַקסט דאָ צוזאַמען מיט דער סכּנה; סטאַטישע אומגעדולדיקייט. אַ קליין לענדל. מיזוג גלויות — מיזוג — וואָלט ער געזאָגט פון קלימאַטן. פון תל־אביב דרומדיק, דורך ירושלים קיין יריחו — פינף פאַרשיידענע, קלימאַטן, לאַנדשאַפטן: ים־ברעג — זאַמד און האַרטער באָדן. ווייטער — געלבלעך־רויט און אַשיק־גראָ די ערד. נאַקעטע, שטיינערנע פעלדער, איינציקע איילבירט־ביימער. מערער אויף צפון — אַ בערגיקע געגנט. קילע ווינטלעך. ס׳שניידן זיך קליינע און גרעסערע טייכלעך. פלאַנצן און געוויקסן, יונגע, שיטערע וועלדלעך. פון צפון, אַראָפּ מיט דער שיפּוע דרום־מזרחדיק — איז דער באָדן גאָלדיק־ברוין, מדבר. נישטאָ קיין פלאַנץ, קיין גרינס. אויך קיין ישוב זעט מען נישט. קיין לעבעדיק נפש. דער הימל איז ווי מיט אַ ליכטיקן נעפּל פאַר־צויגן. און ווידער — מיט אַ שלענגלדיקן כּביש צום טיפן ירדן־טאָל — אַ היץ. טרוקענער אָוויר. אין די ווינטער־חדשים איז דאָרט אייראָפּעיִשער פרילינג. לעבן רייכן וואַסער־קוואַל פון יריחו זעט מען אַ סך טראָפּישע פלאַנצן, באַנאַנע־ביימער. און גאָר נישט ווייט, מיט דער האַנט צו דערלאַנ־גען — דער ים המלח.

האַנט ביי האַנט גייט דאָ דאָס געוויינלעכע, קליינלעכע מיטן סכּנהדיקן, גבורהדיקן. ס׳כּסדרדיקע לעבן מיט דער געפאַר פאַרמינערט דעם פחד אין דער מאָס — וואָס די סכּנה וואַקסט.

אַ ניי־ווערנדיק, יוירנדיק לעבן גייט דאָ אויף מיט אייליקע טריט. מיט אַ ווען דעריאָגן עפּעס אַ פאַרשפּעטיקטע זאַך.

שווערער גערויש פון בולדאָזערס. געקלימפּער פון אייזערנע ציין אין רעדער, וואָס עסן זיך איין אין האַרטן און ווייכן באָדן. מען האַקט אויס פּרדסים. מען קאַרטשעוועט אויס ביימער. מען פלאַסטערט שאָסייען. מען לייגט טראָטואַרן. און הייזער שטעלט מען אויף, הויכע בנינים מיט גרויסע פענצטער. טעראַסן. באַלקאָנען. גרויסע פּלענער — אין שטח און צייט —

האָט דאָס קליינע לאַנד.

זייט ביי זייט פון די הויכע הייזער — אַריינגעקוועטשטע אָדער אַרויס־געשטופּטע — זען די קליינע, אַלטע הייזקעס אויס, ווי אַלטע טאַטע־מאַמע ביי דער זייט פון זייערע קינדער — אויסגעגלייכטע, שטאָלצע סאַברעס.

און ער, העלער, איז ווי נאָך אַ טראַנספּוזיע.

אַ יונג אימפּולסיוו לעבן שלאָגט דורכן „פלעשל־העלדזל" פון קליינעם לאַנד. עס הענגט איבער זיין קאָפּ, ווי אַ פלאַש זויערשטאָף איבער אַ קראַנקן: און ס׳טראָפּנט דורך גומי־רערל און נאָדל אין זיינע געפּעסן — וויטיק און ליבשאַפט.

טראַנספּוזיע.

און מען צאַפּט דאָס בלוט.

צוויי גורלדיקע מלחמות האָט ער דאָ איבערגעלעבט.ביידע מאָל זיך געשראָקן: מדינת ישראל — אַן אינדזל אין אַ ים קריצנדיקע ציין, מען וועט עס אַראָפּשווענקען.

ביידע מלחמות האָבן זיך אויסגעלאָזט נישט ביי די איינגענג פון תל־אביב נאָר ביי די טויערן פון קאַיר און דמשק.

און פון וואַנען אַזאַ איינזאַמקייט? ישראל צווישן די פעלקער — ווי אַ ייִד צווישן גויִים.

אַ רצועה ערד צווישן ים און מדבר.

צווישן סכּנה און — נס.

העלער דערמאָנט זיך, וואָס אַ ייִנגע פּקידה, אַ מאַמע פון אַ קינד, האָט אים געזאָגט:

— דאָס איז נישט קיין לאַנד צו געבוירן קינדער.



איין טאָג איז העלער נישט געקומען צו דער אַרבעט. געפאָרן קיין ירו־שלים אויף אַ לוויה פון אַ מומע. ער איז איר איינציקער קרוב. אַ נייע עולה. אַליין דאָ געלעבט. אין בדידות געשטאָרבן. צו מאָרגנס האָט אים מר דגני פאַררופן אין קאַבינעט:

— כ׳האָב אייך נעכטן נישט געזען, אמת?

— אמת.

— וואָס איז געשען ?

— אַ מומע איז מיר געשטאָרבן. געווען אויף דער לוויה.

— אַ מומע ?

— יאָ.

— ווו האָט זי געלעבט די מומע ?

— אין ירושלים.

— ווי אַזוי איז זי אייער מומע ?

ער האָט נישט געזען קיין פּסול אין דער פראַגע. געענטפערט :

— מיין טאַטנס אַ שוועסטער.

— האָט איר מיט אַ טאָג פריער נישט געוווסט ?

— געוווסט.

— פאַר וואָס האָט איר נישט געבעטן רשות ?

אויף די פראַגע איז געווען ווי דערוואַרט.

— איר ווייסט דאָך, אין אַזאַ פאַל איז דער קאָפּ נישט דערביי.

— אַזוי שווער איז אין דער פרי צו טעלעפאָנירן ?

— איך האָב נישט קיין טעלעפאָן אין שטוב.

— וועלכע שעה איז פאַרגעקומען די לוויה ?

— אַרום צוועלף אַזייגער.

— הם הם . . .

דעם מנהלס פּנים האָט זיך פאַרצויגן אין אַ גרימאַס :

— צוועלף אַ זייגער. קען מען אין דער פרי נישט אַ קלינג טאָן ? בבא־מעשיות.

ער האָט די לעצטע ווערטער נישט אַרויסגעזאָגט, אָפּגעדרייט זיך און אַוועקגעגאַנגען.

ערשט נאָך דעם האָט זיך העלער געכאַפּט : אייגנטלעך האָט ער אים געפרעגט : „ווי אַזוי איז זי אייער מומע ? „ווען איז געווען די לוויה ?״

אייגנטלעך האָט ער גענומען אַ טאָג חופש אויפן חשבון פון יערלעכן אורלויב. ער קען זיך עס נישט שענקען. ווי אַ ייִנגל וואָס האָט זיך פאַר־זינדיקט פאַרן רבין איז ער געשטאַנען, זיך פאַרענטפערט. מאָדנע : וויפל

מאָל זעען מיר מענטשן, בעלי־חי,ביימער — ס׳דאַכט זיך דיר זיי רעדן. הערסט און פאַרשטייסט נישט זייער לשון. ערשט שפּעטער שווימען אויף די בילדער, די פּנימער און מיט זיי — די רייד...

אַלץ ווערט דיר פּלוצעם קלאָר. פאַרשטייסט דעם אמתן מיין פון זאַכן. פאַר וואָס איז ער געשטאַנען, ווי אַ גולם ? די ווערטער ליגן ביי אים תמיד, ווי קליידער צעוואָרפענע אין שאַנק. גראָד אין די רגעס וואָס ער דאַרף — טרעפט ער נישט צו זיי. פאַלן אַ סך מאָל אַראָפּ אין דער שיכחה, אָדער — פון איילעניש וואָס פריִער זיך צו לאָזן הערן — שטויסן זיי זיך אָן איינס אין אַנדערן און פאַרלויפן זיך דעם וועג. —

פון ענגשאַפט אין קעל פאַרענדערט זיך אויך דאָס קול און דאָס וואָרט, וואָס קומט אַרויף ווערט פאַרענדערט, הייזעריק, אויפגערעגט.

שווייגט ער.

זיין שעף וווּנדערט אָפּט דאָס שווייגן. ער זעט אָבער העלערס פּנים. און דאָס פּנים געפעלט אים נישט.

מר דגני געדענקט פון דעסטוועגן :

מען משפּט דעם מענטש לויט דעם, וואָס די ליפּן זאָגן און נישט לויט דער מראה פון פּנים.



ווינטער. ווי ס׳טרעפט דאָ אָפט — רעגנשלאַקסן, פליוכן, פון הימל, וואָס שיט אַ גאַנצן, לאַנגן זומער מיט פייער — טוט אַ מאָל אַ פליייץ. בייזע ווינטן בייטשן אין פּנים. די קעלט עסט זיך איין אין די ביינער. מ׳גייט נישט נאָר מען לויפט. קאָפּ פאַרהאַרבעט אין אַקסלען. מיט פאַראַסאָלן, אָן פאַראַסאָלן שפּרינגט מען איבער וואַסערן, קאַלוזשעס, וואָס ביי די זייטן כביש און אויף די טראָטואַרן.

וואָלקנס, ווי טונקעלע וואַטע־קנוילן, הענגען נידעריק, זאָגן אָן נאָך נאַסערע וועטערן.

העלער האָט ליב דעם היגן רעגן, ער איז דאָ אַנדערש, ווי דאָרטן אין דער אַלטער היים : פאַרוואָלקנטער הימל, ברודיקע וואַסער־ריטשקעס, בלאָ־טעס. טרויער־מאַרשן אין די שויבן, בייזע, פוילע ווינטן. אָן אומעט באַפאַלט

דיך מיטן אַניאָג פון דער טונקלעניש וואָס פאַרשטעלט דעם הימל, די וועלט. דאָ טראָגט דער רעגן לעבן, בלי‌ונג. אַ בלויקייט שלאָגט אַפּיר פון אונטער די שיטערע, ליכטיקע וואָלקנס. ס׳טרעפט אויך, אַז אַ שפּיציקע זון רייסט זיך אַרויס פון צווישן די געדיכטע וואָלקנס, די ווינטן טראָגן אין זייערע לופטיקע פּאַלעס גבורה און מענלעכן שטורעם. — זיי צעיאָגן און צעטראָגן די רעגן־טראָפּנס, און באַפרוכפּערן די ערד, אַ פאַרמאַכטע, אַ דורשטיקע, וואָס לעכצט ווי אַ בתולה נאָך באַמאַנונג.

די טריקעניש אויף די פעלדער, די פּרדסים, יונגע וועלדער טרינקען דעם רעגן, ווי ווייַן. אַ שמחה, אַ גדולה. אַ קאָסמישע פרייד.

אין דער פרי אויפן וועג צו דער אַרבעט — פון אויטאָבוס אין משרד — האָט דער רעגנשטראָם אויפגעהערט, דריבנע טראָפּנס זענען געפאַלן. העלער פאַרלאַנגזאָמט דעם טראָט, פאַרהאַלט זיך אַ ווײַלע, שטרעקט אויס די האַנט, ווי צו אַ נדבה, וויל איינזאַמלען עטלעכע לעצטע רעגן־טראָפּנס. אַ מינוט־צוויי איז ער אַזוי אונטערגעשטאַנען און ער האָט פאַרגעסן, אַז זיין אָרט איז אַצינד אין משרד. יעדן טאָג אין דער שעה זיצט ער ביי זיין טיש איבער די פּאַפּירן, צירקולאַרן, אינסטרוקציעס אויף גראָען סטענצל־פּאַפּיר: דיאַגראַמעס, ציפערן, דוגמאות. גראָבט זיך אין דער „ניירת", ווי אַ מוילווורף אין די ערדישע קאַנאַלן.

ער האָט זיך פאַרגעסן, העלער, אַז ער איז אויפן וועג צו דער אַרבעט. אין שטוב האָט ער זיך געאיילט. נישט קיין צייט געהאַט אַ ביס כאַפּן, אַ זופּ טיי.

האָט ער תיכף נאָכן אַריינקומען געלאָזט די טעקע אויפן טיש און איז אַראָפּ אין דערביי‌יִקן געוועלבל קויפן עטלעכע זעמל. אויף צוריק, מיטן פּעקעלע אין דער האַנט, טרעפט אים מר דגני.

— כ׳האָב אייך נשט געזען אין חדר.

— אַראָפּגעגאַנגען אויף עטלעכע מינוט.

— האָט איר געבעטן רשות ?

— ניין. אַראָפּ קויפן עטלעכע זעמל.

— פרישטיק ברענגט מען פון שטוב.

— כ׳ווייס. פשוט נישט באַוויזן.

— המ המם ...

מר דגני איז נאָך אונטערגעשטאַנען עטלעכע סעקונדן. אָפּגעדרייט ס'פּנים צום האַנט־זייגערל, עפּעס געמורמלט, געקוקט אויף העלערן און אויפן האַנט־זייגערל, געוואָלט מסתמא עפּעס זאָגן. די געצויגענע ליפּן פון ברייטן מוילשניט האָבן זיך געעפנט און פאַרמאַכט. ווי ביי אַ פיש אויף דער טרוקעניש. קאַנטיק, אַז די ווערטער זענען אין האַלדז געבליבן שטעקן. זיין לשון, ווי תמיד אין מינוטן פון אויפרעגונג, האָט זיך פאַרהאַקט. ווי אַ קאַליע־געוואָרענער שלאָס. די קאַלירן אויפן פּנים בייטן זיך. רויטע פלעקן אויפן שטערן. דער האַלדז־קנאָפּ לויפט הין און צוריק.

מיט צער האָט העלער געקוקט אויף זיין מנהל. ער איז אפשר נישט אַזוי שלעכט, מר דגני, ווי ער וויל מ'זאָל מיינען. נישט אין די עטלעכע מינוט, וואָס העלער האָט זיך געזאָמט אין געוועלבל גייט אים.

זלזול. פּגיעה אין זיין מעמד — אָט אין וואָס עס גייט. והראיה,

איין מאָל האָט ער אים צו זיך אין קאַבינעט פאַררופן און אַזוי געזאָגט:

— אדון העלער, איר זענט אַן אינטעליגענטער מענטש, אַ פּיקח. נו, שוין זשע פאַרשטייט איר נישט, אַז גראָד די־אַ מעלות זענען אַ חסרון?

העלער האָט אים אָנגעקוקט און געשוויגן.

— מיטן פּוגע זיין אין מעמד פון ממונה — האָט ער ווייטער גערעדט — פון מנהל, איש ההיעראַרכיע, זענט איר עובר אויף דער משמעת. מיר איז אַ סך בילכער — האָט אַ לייכטע שוים באַדעקט זיינע ליפּן — אַ סך חשובער דער היפּוך פון אַזאַ אומנוצלעכער אינטעליגענץ, דהיינו: כּוח השיפוט ה־פּרקטי, געהאָרכזאַמקייט, צייתנות ...

— דינט איר, הייסט עס, איין אמת: אמת של הסמכות?

— בדיוק כך.

נאָך יענעם איבערשמועס איז שוין העלערן די גאַנצע זאַך קלאָר געוואָרן. די קאַדערס קאָמפּלעטירן זיך אַזוי, אַז יעדער איינער פון דער היעראַרכיע לערנט זיך אַרויסווייזן כּלפּי זיין ממונה די חכמה פון זיין נאַרישער, ווי ער איז אין דער אמתן. און די סאַמע לעצטע זענען פון דעסטוועגן גענוג קלוג צו שפּירן אכזבה, פאַרדרענגטקייט און — גענאַרן די ממונים מיט אַזוי גע־רופענער פאָלגעוודיקייט.

נאָך יענעם פאַל מיטן אַראָפּגיין אין דערבייַיקן געוועלבל, איז העלער נאָך אונטערגעשטאַנען עטלעכע רגעס מיטן פּעקעלע אין האַנט. ער האָט נאָכגעקוקט דעם שווערן, אומבאַלאַנסירטן גאַנג פון עלטערן, געוויקסיקן מאַן. גיכער פון די פיס האָבן זיך באַוויזן די הענט פון זיינע נאָכגעלאָזטע אָרעמס: צוויי לאַנגע הענט, ווי פלינקע חיות.

ערשט נאָך דגניס אַוועקגיין יענעם טאָג, ווי תמיד נאָך אַן ענלעכן פאַל, איז געוואָרן היימלעך אין אַלע חדרים. דאָס שושקעניש איז איבערגעגאַנגען אין אַ גערייד:

— ער׳ט אָפּרעכענען די פופצן מינוט.

— זאָל ער.

— אויב שוין אָפּרעכענען פאַר וואָס נישט פון חופש ?

— ס׳איז אין הסכם מיטן תקשי״ר* — האָט געזאָגט אורי, דער צבר.

ער איז נייטראַל, אורי. ער מישט זיך בכלל נישט. האָט אַ קנאַפּן חלק אין די וויכּוחים. אַ שיינער בחור, אַ געוויקסיקער. בלאָנדע, געדיכטע טשו־פּרינע איבער די אויגן, גוטע אויגן — וואַסערדיק־העלע שמייכלענדיקע. צוויי חן־גריבעלעך אין די פאַררייטלטע באַקן בעתן לאַכן — אַ הויך, געזונט געלעכטער פון אַ יונגן בחור. ער רעדט געלאַסן. אויך זיינע תנועות זענען שווערלעכע, פאַמעלעכע. עפּעס פויערישעס, געמיטלעכס אין זיין רעדן. חזרט איבער צוויי מאָל איין וואָרט. אַ מאָל — אַ גאַנצן זאַץ, אַ געדאַנק.

אורי איז אַ בן־זקנים. צוויי קליינע ברידערלעך — האָט ער געהערט דער מאַמען דערציילן — זענען דאָרטן געבליבן. וואָס די מאַמע מיינט מיטן ,,דאָרטן" האָט ער זיך שפּעטער דערוווּסט. מיט זיין קומען אויף דער וועלט דאָ — אין קיבוץ ,,בית־אלפא" — זענען די ,,זקנים", זיין טאַטע־מאַמע, נאָך אַ מאָל געבוירן געוואָרן. אַזוי האָט ער געהערט אין שטוב רעדן. אַלע דריי, הייסט עס, זענען דאָ ,,געבוירן געוואָרן".

עטלעכע יאָר נאָך העלערן האָט ער זיך דאָ באַוויזן — אַ חייל משוחרר. פאַרנומען ס׳בענקל פון אַ חוקר חוץ.

ווינטער טראָגט ער, אורי, וואָלענע סוועטערס, וואָס חוה זיין ווייבל

---

* זאַמלונג פון תקנות.

שטריקט אויס פּאָר זייַנעטוועגן. זומער — לייכטע, קאַליריקע העמדלעך איבער די הויזן. זונברילן. סאַנדאַלן. יונגע פּקידות האָבן זיך די ערשטע צייט געדרייט אַרום אים. דערוווּסט זיך, אַז ער איז אַ באַווייבטער — חוה איז אַ הי־געבוירענע ביי טאַטע־מאַמע, קיבוצניקעס — האָט מען זיך ווייני־קער געדרייט און מער גערעדט:

— פאַר וואָס ווייזט זי זיך אַזוי ווייניק דאָ?

— ווען זי איז אַ ביסל שענער, וואָלט זי זיך אָפטער געוויזן.

— אַזאַ שיינער בחור, אורי.

— טאַקע נישט קיין יפת־תואר אָבער אַ גוטע באַלעבאָסטע, אַ געטרייע זאָגט מען.

— שיינע זענען נישט געטריי: געטרייע — זענען נישט שיין.

אורי דער קנאַפּער ריידער האָט גראָד מיט העלערן ליב געהאַט כאַפּן אַ שמועס: קינאָ. טעלעוויזיע. ספּאָרט. אַמאָל — וועגן אַ מאמר אין צייטונג.

העלער ווייזט נישט אַרויס קיין גרויס התלהבות צו די זאַכן. אים גע־פעלט אָבער אוריס רויִקייט, זיין אַרט רעדן, התנהגות, זיין שטיין פון דער ווייטנס סיי פון די וויכּוחים, סיי פון די ממונים — איז העלערן געפעלן געוואָרן.

— נעם זיך נישט צום האַרץ. מייד אויס קאָנפליקטן — האָט ער ליב אָפט איבערחזרן, אורי.

— נאַרעלע, וואָס אַזוינס מיינסטו איז קאָנפליקט? — ענטפערט אים העלער בבדיחות הדעת — ווער ס׳קאָן — דער פליקט.

אורי לאַכט אָן אָפּן, געזונט געלעכטער. ער פילט אַ נאָענטקייט צו העַ־לערן. עס ציט אים צו דעם עלטערן מענטש, דעם איינזאַמען. עפּעס לייענט ער אַראָפּ פון דעם יונג־אַלטן פּנים: לעבנס־נסיון און אַ מין תמימות, וואָס איז זעלטן ביי מענטשן אין זיין עלטער. הייַנט, זיין אָפּן האַרץ? אָן אָפּן אויער און — אַ פאַרשלאָסנקייט. עפּעס איז ער אַנדערש פון אַלע. געַנוי מיט וואָס ער איז אַנדערש איז אורין זיך שווער צו דערקלערן.

אַנומלט איז ער אַריין צו אים אין חדר. ער האָט געלייענט אין „מעריב" באשר דער יונגער דור, דער „תוצרת הארץ" אַנטלויפט פון די קיבוצים. פון דאָרף איז שטאָט אַריין לויפט מען. מען פאַרלאָזט דאָס פעלד, די ערד

און מען לויפט צו די „ווייסע קעלנער". „דזשאָב". לייכטע אַרבעט. פּקידות. מסחר. אַ גאַנצע רשימה פון פרייע פּראָפעסיעס רעכנט מען אויס: אַדוואָקאַטן; אַגענטן פון פאַרזיכערונג־ביוראָען; בענק; מסחר מיט ווערט־פּאַפּירן; יועצים; מעקלער און פאַרמיטלער; לופט־פּרנסות. אַזוי ווי אין דער אַלטער היים: אַלטע „פּאַכן" מיט נייע נעמען.

— נישט אין גאַנצן אומגערעכט, דער בעל־המאמר — ענטפערט העלער.

— מען דאַרף אַזעלכע פּראָפעסיעס אויך.

— אָבער נישט אין אַזאַ מאָס. פאַבריקן, פעלד־אַרבעט, בנין, פּרדסים — אַט פון וואָס אונדזערע טאַטעס האָבן געחלומט. פון איבערשיכטונג. אַט האָסטו דיר אַן „איבערשיכטונג". — משהלע קאַפּויער...

— נו, נו, לא להגזים. ווו נאָך, אין וועלכן לאַנד זעסטו בחורים, באַווייבטע, טאַטעס פון קינדער, טאַטעס און זין — מילואים? וואָכן, חדשים ווייט פון דער היים. מלחמות. ווער גייט אויפן פּראָנט? וויפל געפאַלענע? קאַליקעס? בעלי־מומים? יונגע אלמנות?

— מלחמת הקיום, ברודערקע: מצוות המדינה.

— און די מצווה פון לעבן ווער וועט מקיים זיין?

— אָבער נישט צוריקברענגען אַהער דעם גלות.

אורי שוויגט אָפּ. ער האָט נישט ליב קיין וויכּוחים.

נאָכן וואָרט „גלות" האָט ער לאַנג נאָכגעטראַכט...

בשעת דער זעקסטאָגיקער מלחמה איז ער מיט זיין טאַנק־אָפּטיילונג געווען דער ערשטער ביים סועץ. „מען האָט זיי לייטיש צעקלאַפּט", „אַ שיין און גלאַטיק שטיקל אַרבעט", "אַ שוויצבאַד", „זיי" וועלן עס לאַנג געדענקען" — האָבן אַלע צייטונגען געשריבן. ער, אורי, געדענקט גאָר עפּעס אַנדערש. ער האָט „זיי" געזען צעוואונדיקטע, באָרוועסע, דורשטיקע אונטערן פייערדיקן הימל, איבער הייסע זאַמדן. אורין האָט אינעווייניק אַ קלעם געטאָן: עס האָט אים דערמאָנט אין דעם, וואָס זיין אמא און אבא האָבן דערציילט פון דאָרטן: אויסשוויץ. „שוויצבאַד". ער וויל אַזוי אין דעם פאַרגעסן. ער וויל נישט זען מער קיין געשלאָגענע. הילפלאָזע. אומגליקלעכע.



צװיי מאָל אין יאָר — צו די ימים־נוראים און אויף פסח — קומט דער מנכ"ל אַראָפּ פון ירושלים. גייט איבער די חדרים. אַ האַלבן טראָט הינטער אים גייט אים נאָך דגני. דער מנכ"ל דערלאַנגט יעדערן די האַנט. װוּנטש אַ גוט יאָר, אַ פריילעכן יום־טוב:

— מה שלומך?

— בסדר.

צװיי מאָל איר יאָר ערב דעם מנכ"לס קומען גרייט זיך העלער מאַריך זיין דעם „בסדר". ער מוז רעדן מיטן שעף. עס פאַרדריסט אים, עס טוט אים װיי, העלערן:

הלמאַי לאָזט מען ס'ליכט אין די חדרים ברענען גאַנצע מעת־לעתן. צענטראַלע באַהייצונג — אַן איבעררייס: װינטער — ס'װאַרעמען, זומער — ס'קילן. װייסט מען שוין פאַר װאָס די מזגנים װערן אַלע מאָל צעבראָכן. מען פאַרריכט זיי און זיי װערן װידער קאַליע. אַלע צאַפּן פון סאַמאָװואַר אין קיך — און נישטאָ װער ס'זאָל פאַרדרייען דעם טריפּנדיקן קראַן. טעלעפאָנען: מען רעדט אין שטוב אַריין, צו חברים, באַקאַנטע. לאַנגע, בנעי־מותדיקע שמועסן. אין פּרוזדור װאַרטן מענטשן אין ריי. —

די שיסל אין בית־שימוש איז צעבראָכן. אַ נעץ. אַ שלעכטער ריח. ביזן פּרוזדור דערטראָגט זיך די נעץ און דער ריח. ער האָט זיך געװאָנדן צום אחראי. דער אחראי האָט זיך געװאָנדן צום בכיר — צום מנהל המחלקה. דער מנהל מחלקה — צום מנהל הסניף.

דגני האָט פאַררופן צו זיך דעם איש־המשק. יענער האָט אים אויפגעקלערט:

— אמת. נכון. ער װייסט. מען דאַרף אַ נייע שיסל. ער האָט דערװעגן געשריבן צום מנהל המשק אין ירושלים. אָט איז דער בריװ. עטלעכע בריװ. אָט איז די תשובה:

— מצטער. אין תקציב. להמתין.

דגני האָט פאַרקרימט די נאָז, װי די גאַנצע האַרבקייט פון די שלעכטע ריחות װאָלטן אין דער רגע צו אים דערגאַנגען.

— על כן?

— מען דאַרף דערװייל די שיסל צו רעכט מאַכן. ער האָט גערופן דעם

אינסטאַלאַטאָר — דער אינסטאַלאַטאָר מיטן קעסטעלע מכשירים אין האַנט איז געוואָרן אַן אָפּטער איינגייער אין משרד. די סמנים פון פייכטע פוסטריט — און די שלעכטע ריחות — זענען אויף עטלעכע טעג נעלם געוואָרן. נאָך דעם האָט ווידער אַ נאַסער שפּריי צוזאַמען מיטן אַוויר זיך אַ טראָג געטאָן איבערן פּרוזדור און אין אַלע חדרים.

האָבן שוין אַלע געקרימט מיט די נעז. געמאַכט פּרצופים. בייזע בליקן געוואָרפן אויף העלערן, דעם טרדן.

האָט שוין אים, העלערן, באַנג געטאָן אויף דער גאַנצער זאַך. אָבער רעדן מיטן מנכ״ל דאַרף מען. ער מוז אים זאָגן, מוז ער אים:

— ער זיצט ווייט. ער זיצט הויך, דער שעף. זעט ניִשט, וואָס אונטן טוט זיך. ירושלים. הר־סיני. מתן־תורה. וואָס צופוסנס פון באַרג טוט זיך — זעט ער ניִשט.

דעם רוב שעהען אין טאָג, גאַנצע וואָכן זיצט מען אויף פּלענער. די פון נידעריקן ראַנג טוען, וואָס מען הייסט זיי. פויל, מיט הייזעריקן סקריפּ דרייען זיך די רעדער: רכילות, לשון־הרע, קנאה — בוימל אויף די רעדער; ווי שטויב אויף פּאָלירט מעבל לייגט זיך די גלייכגילט אויף יעדן אויפהעל און אויפקוועל פון גוטן רצון.

פּראָטאָקאָלן אויף שיטערער מאַשין־שריפט, נוסחאות, רשימות, ציר־קולאַרן, דיאַגראַמעס, העקטאָגראַפישע בלעטלעך וואַלגערן זיך אויף די טישן פון די פּקידים. אין פינף־צען פּאַכיקע כמותן קומען זיי און ווערן נעלם. ער קוקט אַ מאָל אַריין אין אַזאַ „פּאַפּיר" מיט אַן אַ שיעור פּאַראַגראַפן, ציפערן און געפינט אויס, אַז זיי פּאַסן זיך כלל ניִשט צו דער טאָג־טעגלעכער אַרבעט. אוממשותדיק און אומאויספירבאַר זענען ס׳רוב פון זיי. זיי וואַלגערן זיך, די בלעטלעך, ווי קיילעכדיקע יתומים: ניִשטאָ דער טאַטע, וואָס האָט זיי געמאַכט; ניִשטאָ די מאַמע, וואָס האָט זיי געבוירן.

## ג

אַ נייע פּקידה האָט זיך אַ ווייז געטאָן. אַ יונג מיידעלע, צעירה. יונג און גרינג איז אַרום איר די לופט. אַ פּאַרביקייט פון אַ גאָלד־גרינער בין טראָגט זי אַן מיט איר אַריינקומען. מיטן צוזעצן זיך צום טיש אין חדר

קעגן איבער העלערן. אַ דין וועגטל און אַן אָפענע טיר טיילט זיי אָפּ. אויך דער טיק־טאַק פון אירע דינע פינגער אויף דער שרייבמאַשין גיט פון זיך אַרויס אַ באַזונדערן קלאַנג. דאָס גלייכן — דאָס אויפהייבן זיך, אַפּירגיין פון אונטערן טיש מיט גרינגע, געמאָסטענע טריטלעך, אונטערשטיין אַ מינוט צוויי ביי זיין טיש ביים אונטערשרייבן די פּאַפּירן. זיי שטייען נישט איין אויף אַן אָרט, די פיס: אַזאַ באַוועגלעכע, גוטע אומגעדולדיקייט.

ס׳קומט אים אויס, העלערן, אַז אויך אין די פּאַפּירן, אין די אַקטן־טאַשן, טעטשקעס, שטויביקע פּנקסים — טראָגט זי אַריין חיות מיטן אַנקומען. אַן אַראָמאַט פון אַ בלום, אַ צעבליטע, בלייבט הענגען אין דער לופט פונעם ענגען, דושנעם חדר נאָך איר אַרויסגיין. זי איז יונג און קלוג. איר איינציקער חסרון איז, וואָס זי מיינט, אַז יונגקייט איז מכפּר אויף אויסגעקלוגלטער תּמימות.

די יונגע פּקידים האָבן זיך אָנגעהויבן דרייען אַרום איר. זיי האָבן זיך אָבער פרי מיאש געווען. אוודאי האָט זי געשפּירט זייערע בליקן. אפילו פון זיי הנאה געהאַט. יונגע מיידלעך, פרויען, האָבן הנאה פון נושא חן זיי ביי מענער. מעגן די מענער זיי נישט געפעלן, נישט זיין לויט זייער גוסט.

מאַדנע האָט עס אויסגעזען פאַר אַלע — אויך פאַר אים אַליין, העלערן — וואָס צו אים אין חדר קומט זי אָפטער ווי צו אַנדערע. ווייזט זיך שוין צו אָפּט אין זיין אָפענער טיר:

— בוקר טוב. מה נשמע, אדון העלער.

אין די מינוטן וואָס זי שטייט נאָענט פון אים און פון דער נאָענט הערט ער איר שטים — גיט אין אים זיך אינעווייניק עפּעס אַ וועק אויף: ער האָט נישט קיין נאָמען פאַר אָט דעם אויפוועק. אַזוי, קומט אים אויס, זינגען פייגל אין דער פרי צום זונאויפגאַנג, צום טאָג, צום לעבן.

מאַדנע, וווּנדערלעך זעט אים אויס די זאַך. דווקא צו אים ווייזט זי אַרויס אַזוי פיל געדולדיקייט, איינזען, חשיבות.

אַ קוואַל פון מחשבות, איידעלע געפילן, וואָס וואַקסן טיף אין האַרץ איידער זיי גייען אויף — האָבן אים אַרומגענומען. אַ גאָלדענע שטייג איז אים דאָס חדר געוואָרן.

די מחשבות, די געפילן האָבן אים געוואָרעמט און געשווידערט. ער האָט באַשיימפּערלעך געזען, אַז די קליינע מאַכט שוין אַזוי אַז זי זאָל וואָס אָפּטער פאַרבייגיין זיין טיר: תמיד האָט זי אים עפּעס וואָס צו זאָגן, צו פרעגן...

העלער איז אַלע אין דער פרי געקומען אַ פריש־געקליידעטער, אַן אויסראַזירטער, אַ פאַרקעמטער, אָפּט געביטן קאַלנער־בינדע. אויך זיינע תנועות זענען ווי יונגער, גרינגער, רירעוודיקער געוואָרן. מען האָט געזען אַ שמייכל אויף זיין פּנים. געהערט אים אַ לאַך טאָן אויפן קול.

זעט מען נישט צעירה נישט אין פּרוזדור, נישט אין מזכירות, נישט ביי דער שרייב מאַשין — ווייסט מען:

— אוודאי ביי העלערן.

מען שושקעט זיך נישט. מען טרייבט נישט קיין רכילות. מען רעדט סתם צווישן זיך:

— עלטערע מענער האָבן אַ נטיה צו יונגע מיידלעך.

— וואָס אַ שטייגער האָט זי אין אים געזען, די קליינע קאָקעטקע?

— כבר היו דברים מעולם.

— אַ האַלבע יתומה. מיט אַ מאַמען געקומען אַהער פון אַרגענטינע.

— ער קען דאָך זיין איר טאַטע.

העלער האָט איר געצערטלט מיט די אויגן. קוים האָט ער באַרירט איר אַקסעלע, איר עלנבויגן — האָט ער עס געטאָן מיט דער איידלקייט פון אָפּווישן דעם שטויב פון אַ פּאָלירטער זאַך.

— אתה אדם מקסים — האָט זי אים איין מאָל אַ זאָג געטאָן. ביי העלערן האָט זיך אויפגעבונדן די צונג:

—און דו ביסט אַ נישט־היגע, אַ נישט־דאָיִקע.

אויף העלערן האָבן די דריי ווערטער אַ ווייע געטאָן, ווי אַ פרישן פרי־לינג־ווינטל. אַזוי יונג און אומדערפאַרן — האָט ער זיך געטראַכט — און אַזוי רייף די פרויען־סגולה: זי שפּירט אין פּנים פון אַ מאַן, אין צוק פון זיין ליפּ — וואָס ביי אים אינעווייניק טוט זיך.

צעירה האָט געדולדעט העלערס נאָענטקייט. נאָענט, ווי אַ טאַטע און ווי אַ פרעמדער מאַן, וואָס וועקט ביי איר נייגער. זי געפינט אין זיינע רייד עפּעס נישט דערזאָגטס. אַ סוד פאַרשליסט ער אין זיך. ס'ציט איר צום סוד,

ווי ס'ציט אַ בלאַנדזשענדיקן אין וואַלד צו אַ ליכטפּונקט. זיינע בליקן, זיינע יונגע באַוועגונגען רופן אַרויס ביי איר נאָך מער רצון צו זיין אין זיין מחיצה.

זי גלויבט נישט די יינגע בחורים. זיי זענען פעיק צו „שטאַרבן פון ליבע" און שטייען גיך אויף תחית־המתים, כדי פאַר אַנדערע זיך דערקלערן אין „אייביקער ליבע". אַן אַלטע בענקשאַפט האָט זי אין אים אויפגעוועקט, צעירה. ווי אויף אַ מאַטאָר־שיפל יאָגט זי אָן, די בענקשאַפט, לאָזט נאָך זיך אַ טיפן, שוימיקן וואַסער־שניט:

— צירל. הינדעלע.



ד. פּ. — לאַגער. עס האַלט פאַר אַ גרויסער, לעגאַלער עליה. הינדעלע גייט אויף עברית־קורסן. צירל איז פאַרנומען אין שטוב. העלער פאַרט אָפט אין סוכנות־אַמט קיין מינכען. שעהען־לאַנג, אין די אָוונטן איז ער ביי צירלען. האָט געטראָפן: שפּעטער נאָכמיטאָג־שעה, הינדעלע איז אַוועק אויף אַ שיעור; צירל זיצט אויפן ראַנד בעט. איר קאָפּ מיט אַ האַנטעך אַרומגענומען. נאַסע האַרבינטלעך זעען זיך פון האַנטעך אַפיר. איר פּנים איז צערייטלט. דערזען העלערן האָט אַ געהיים שמייכעלע זיך אַ גליטש געטאָן פון די ליפן צו די מוילווינקלען. צירלס גאַמבע האָט נערוועז אונטער־געציטערט.

— איז דיר קאַלט?

כ'בין נאָך אַ טוש.

— אויך איך בין נאָך אַ „טוש" — האָט ער אַ לאַך געטאָן.

— כ'פאַרשטיי נישט.

— געווען היינט אין סוכנות. גערעדט וועגן עליה. פרעגט מיך דער באַאַמטער צי איך בין אַליין צי מיט עמעצן. פרעגט און ענטפערט: כ'מיין — מאַכט ער — אַז ס'רעדט זיך וועגן צוויי, אייגנטלעך, דריי פּערזאָן. אַ יאָ? וואָס שווייגט איר? אַ סוד פאַר גאַנץ בראַד. אַלע אין לאַגער רעדן דערפון.

— גערעכט. אַלע רעדן און מיר שוויגן — האָט צירל אויפגעהויבן די

אויגן צו אים. נאָענט פון איר איז ער געזעסן אויפן ראַנד בעט. דער גלאַנץ אין אירע גראָ־גרינע צעעפנטע אויגן, איר אויסגעוואַשענער, ריינער בליק — האָט אין אים עפּעס אויפגעהעלט:

— וואָס מיינסטו מיט „אונדזער שווייגן"?

— וואָס מיינסטו מיט דיין פרעגן? — איז איר גלאַנציקער בליק פאַר־נעפּלט געוואָרן און איר קול — ווייכער.

— פאַר וואָס ביסטו אַזוי גוט צו מיר, צירל?

— האָב איך דען אַ נענטערן מענטש ווי דו?

— און מיר קומט אויס, אַז דיין גוטסקייט שטערט מיר ליב האָבן.

— אַזוי גאָר?

ביידע האָבן געשוויגן.

— און הינדעלע ווו איז? — האָט ער מיט די אויגן אָנגעוויזן אויף דער ליידיקייט אַרום זיי.

— זי וועט אַזוי גיך נישט קומען.

ער האָט אַרויפגעלייגט אַ האַנט אויף איר אַקסל.

— וואַרט, כ׳ל פאַרשליסן די טיר.

אַן איינגעוויקלטע אין אַ דינעם שלאַפראַק, מיט אַ גאַרטעלע פאַרצויגן, האָבן די ליניעס פון איר שמאָלן גוף בויגעוודיקער געמאַכט איר טאַליע. אַ דינער ראַז באַדעקט איר ווייסן האַלדז ביזן אָפענעם דעקאָלט צום בריסטן־טאַלעכל. ס׳האָט אַ שלאַג געטאָן מיט פעלד־ריח, פרישן, נאָך אַן אויפגע־טייעטן פראָסט. אַלע קנייטשן־סימנים אויף איר פנים זענען ווי מיט אַ מאָל נעלם געוואָרן. אַן אַנדערע ווי תמיד איז זי אַצינד פאַר אים געזעסן. און אַזוי נאָענט. אַזאַ וואַרעמער אָטעם טראָגט זיך פון איר לייב אַן איינגע־טוליעטס אין שלאַפראַק. פאַר וואָס זאָל אָט די גוטסקייט זיין אַ שטער אין דער ליבע — האָט ער אין די רגעס געטראַכט. ער האָט מיט דער צווייטער האַנט זי אָנגענומען ביי דער טאַליע, זי אַ ציי געטאָן צו זיך. ער געדענקט נישט ווער ס׳האָט אַ ציי געטאָן ס׳גאַרטעלע פון שלאַפראַק. זיין קאָפּ אויף איר ברוסט. אירע פינגער באַרירן לייכט זיין פנים. זיי צעשפּיליען זיין העמד. פון האַלדז און נאָקן אַראָפּצו גליטשן זיך אירע פינגער. נישט קיין פינגער, מוראַשקעס. אַ דינער, זיסער שוידער איז דורך איבער זיין לייב.

אַ שוידער און אַ היץ האָט זיין גוף אַרומגעכאַפּט. אַזוי פיל יאָרן ציט אים צום פייער פון פרויען־לייב און ער האָט אַזוי מורא. די מורא און זיין צוריק־געהאַלטנקייט האָט אַצינד נאָך מער צעבלאָזן דאָס פייער. עטלעכע מינוטן האָט געדויערט דער שטורעם. — מינוטן, וואָס האָבן זיך געצויגן אַן אייבי־קייט.

דאָס ווייסע האַנטעך איז געלעגן אַ צעבונדנס. זיך געשפרייט הינטער צירלס קאָפּ שוואַרצע האָר, ווי ווייסע פליגל. זיי האָבן איר אַצינד אָוועק־געטראָגן, די פליגל, ווייט, ווייט צום חלום פון אירע יונגע יאָרן. — אויך זי איז אַצינד געלעגן אַן אויפגעבונדענע. — ווי נאָך אַ חופה־נאַכט איז זי געלעגן און די ווייסע „פליגל״ — אַ כלה־שלייער.

צו מאָרגנס האָבן זיי אין דרייען געמאַכט אַ שפּאַציר אין שטאָט אַריין — צוואַנציק מינוט צופוס פון ד. פּ.־לאַגער.

האַרבסט ניינצן אַכט און פערציק. די האַרבסטן זענען דאָ שיין. זיי דערמאָנען די גאָלדענע האַרבסטן אין דער היים. דער ווינטער יאָגט דאָ אַן מיט דינע, פּוכיקע שנייעלעך. זיי לייגן זיך גרינג אויף די רויטע דעכער און דעכלעך פון די איין־און צוויי־שטאָקיקע הייזער. דינער פראָסט פאַרציט זיך אויף די שויבן און אויף די ברייטע אַספאַלטענע שאָסייען. שליטנס און גלעקלעך. פערד מיט צעפּאַרעטע מאָרדעס און פייכטע נאָזדרעס. גוט־אָנגע־גורטע קוטשערס. כמעט אַלע טראָגן דאָ ווינטער פוטער־היטלען, קאַפּעליושן.

די וואַרעמע רעגנס אין די זומערס שטעפּן די אַספאַלט־וועגן, פּויקן מיט ליכטיקע פינגער אין די שויבן. אַ גוטע, קילע זון. אַ לויטערער הימל.

אין די מאָרגן און נאָך־מיטאָג־שעהען טרעפט מען זיי, די יעקעס, אין די ביר־האַלעס, רעסטאָראַנען. זיצן אַרום ברייטע, לאַנגע טישן. זופּן נחתדיק פון די הויכע קופּליעס שוימיקן ביר. רויִקע תנועות. האַרטע, טרוקענע גע־לעכטערס. זיי האָבן צייט. זיי האָבן גאָרנישט פאַרלאָרן, די יעקעס. יאָגן זיך אין ערגעץ נישט.

די פרילינגס זענען דאָ לופטיקע, לויטערע, ריינע. אין די פאַרנאַכטן, צו זונפאַרגאַנג, בלייבט נישט איין מאָל ליגן גלייִקער זונקאָפּ אויף די שטיי־נערנע קערק פון די אַלפּנבערג. רויטע פונקען־שפּריצן און רויט־בלויע שטרייפן באַדעקן דעם הימל. לענג־אויס די בערגקייטן — מאַמוטן איינ־

געדרעמלטע יאָרטויזנטער — לייגן זיך שאָטנס און ס׳הויערן וויאַלעטע נעפּלען ביזן לאַנגזאַמען צופאַלן פון דער נאַכט. טיף אין די שטיינערנע געדערים פון די בערג האָט געגעסטיקט, זאָגט מען, די שלאַנג: היטלער זאָל האָבן דאָ אויסגעבויט זיין אונטערדישן פּאַלאַץ.

אַלע דריי האָבן באַוווּנדערט די ווייטיקלעכע שיינקייט, וואָס האָט זיך געוואָרפן אין די אויגן. ער איז געגאַנגען אין מיטן. פון ביידע זייטן — צירל און הינדעלע. אויף זיינע רייד האָט צירל באַדויערנדיק צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ:

— פאַר וואָס קומט עס זיי, די יידנמערדער.

הינדעלע האָט אונטערגעטעגצלט פון פרייד:

— אָ, ווי שיין איז דאָס לעבן. מ׳זאָגט, אַז ס׳וועלן שוין מער קיין מלחמות נישט זיין, איז עס אמת?

ס׳האָט אים וויי געטאָן אויף ביידע.

הינדעלעס וועלט אַן אויסגעדמיונטע: רוי, ווי אַן עופעלע אויסגעפּיקט פון אייערשאָל. צירלס — אַ חרובע נעסט אויף אַן אָפּגעשרפעטן בוים.

ליבשאָפט: פאַר איינע — אַ שיף אויף קלאָרע, ריינע וואַסערן, וואָס שווימט צו אַן אויסגעטרוימטן, אומבאַקאַנטן ברעג. פאַר דער צווייטער — אַ שיף, אַ צעבראָכענע, ווייט פון אַ האָפן. הינטער איר — אַ צעשטורעמטער ים: ים־החיים.

ער האָט זיך איינגעקוקט אין די פּנימער פון די שפּאַצירנדיקע. עס שלאָגט נאָך אַלץ פון זיי מיט יענער קעלט, וואָס פון די מאַרמאָרנע סקול־פּטורן צעשטעלטע אויף ראָגן און אין סקווערן. מכלומרשטע פאַרלאָרנקייט, דייטשישע, אין אַ חניפה־מאַנטעלע געהילט. פרעך און מיט ווילגעכאַוועטער געדולדיקייט, ברוגזלעך, קלאָגן זיי זיך אויפן גורל פון באַזיגטע. ווייסן אויך, ווי אַזוי אָקעגנטראָגן אַ צעשמייכלטן, צעצויגענעם:

— גריס–גאָט.

אויך די קינדער לערנט מען רחמנות־פּנימער מאַכן. אויף די פּאַרקנס און ווענט שרייבן זיי:

— יודע פפעררעקע.

נאָך קינדער האָט ער געזען: נעגערלעך בלויאויגיקע. בלאָנדע קעפּלעך,

געקרייזלטע; היימלאָז ראַיען זיי אין די גאַסן, גערטנער, פרייע פּלעצער, ביי אָפענע טירן פון קאַפע־הייזער, רעסטאָראַנען.

— אויסשיטעכץ פון יאַדעשליווע, אַריש בלוט — זאָגט צירל.

הינדעלע ווייזט אויף די בערגקייטן פון די בייערישע אַלפּן:

— אַ, ווי שיין.

ד

צעירהס שמייכעלע שענקט העלערן צוריק די פאַרשעמטקייט פון אַ יונגן, פאַרליבטן מענטש. איר יעדער בליק רופט ביי אים אַרויס איבער־ראַשונג. אין יעדן וואָרט געפינט ער אַ באַזונדערער כוונה, אַ מיין, וואָס צעירה איז אוודאי נישט אויסן.

יעדער ווייז טאָן זיך ביי אים אין חדר, „צופעליק" טרעפן איר אין מזכירות, אין פּרוזדור — וועקט אין אים מחשבות, איבערגעטריבענע דער־וואַרטונג — פּרי־דמיונו. איז צעירה נישט פאַר אים דער שפּעטער זומער־רעגן, דער מלקוש, אויף זיין אָפּגעשרפעט פעלד?

איז זי נישט זיין לעצטער ליבע־ווונטש: אַן אויפגעציטערט פלעמל אין בין־השמשות פון זיין לעבן? אפשר זיין לעצטע תפילה. אַ האָפענונג, אַ חסד.

— צעירה, טוסט מיר ווי מיט דיין שמייכלען, מיט דיין שווייגן — האָט ער איר איין מאָל געזאָגט.

זייט נישט מגזים, אדון העלער. איך בין... סך־הכל, וואָס בין איך קעגן אייך? אַ פלאַטערל, וואָס ציט צום ליכט.

— אַ קינד ביסטו, וואָס שפּילט זיך מיטן פלאַטערל. פון פאַרגעניגן און פון נייגער רייסטו פון פלאַטערל אָפּ די פליגעלעך...

— איר האָט דאָך אַ מאָל געזאָגט, אַז איך האָב אייך אָנגעטאָן פליגל.

— אָנגעטאָן אויף... אַראָפּצורייסן.

צעירה האָט געשמייכלט און געשוויגן.

ס'פאַרדריסט אים אויף זיך אַליין, העלערן, הלמאי ער ברוגזט זיך קוים פאַלט איר בליק אויף אַן אַנדער מאַן. טאָמער ווייזט זי זיך נישט אַ שעה, צוויי אין טאָג ווערט ער אַזוי שפּל ביי זיך. דער טאָג ציט זיך ביי אים לאַנג און לאַנגווייליק. כאַפּט זי זיך ווענס אַרויס אַ גוט וואָרט, אַ נאָמען

פון אַ זינגער, פילם־אַרטיסט, פוטבאָליסט — איז עס אין אים פּוגע. די ווערטער טרעפן אין אים, ווי קאַלטע טראָפּנס וואַסער אויף אַ הייסער פייערקע: לאָזן קליינע ווונדן אין זיין האַרץ וואָס האָט קיין מאָל פון קיין קינאה נישט געוווּסט.

וואָס איז ער איר? אַ פריינד, אַ חבר? האָט ער איר טאַקע ליב? ניין. ער האָט נישט ליב דאָס יונגע מיידעלע. עס איז אפילו אַן אומזין אַזוי צו טראַכטן. נישט אַנדערש — האָט ער צו זיך געזאָגט — די ענלעכקייט צו הינדעלען, וואָס נאָר ער אַליין מערקט, אָט די שפּירונג — רופט אַרויס ביי אים די געפילן צו איר. צעירה איז דאָס קינדל, וואָס די האַנט פון גורל האָט אַ וואָרף־געטאָן אויף אַ געדושעטן פלאַם — און דאָס פייער האָט זיך צעפלאַקערט.

מעגלעך, אַז ער גופא האָט דעמאָלט — מחמת דער נאָעטקייט צו צירלען — נישט געוווּסט, נישט געשפּירט די הייסע ליבשאַפט צו הינדעלען.

ערשט אַצינד, וואָס מער ער קוקט זיך איין אין צעירהן, איר לאַכן, איר רעדן, איר שווייגן, איר חכמה און חוצפּה — וואָס זעט אים אויס אַן איבערגענומענע פון אַנדערע היגע מיידלעך אין איר עלטער — ערשט אַצינד זעט ער איין:

— נישט זי דערמאָנט אים אין הינדעלען, נאָר ער זעט הינדעלען אין איר געשטאַלט.

ניין. הינדעלע האָט נישט געהאַט אַזאַ אַרויסרופערישע שיינקייט. איר חן איז פאַרשאָטנט געוואָרן פון די גרויסע, גראָע בלאָקן־הייזער אין פליטים־לאַגער: פון די טונקעלע ווענט פון חדר און „השגחה" פון אַ מאַמען, אַ יידישע טאָכטער מיט צניעותדיקער שיינקייט, געירשנטע פון דורות — וואָס האָט מיט ליבע און לעבנס־הנאות קנאַפּ וואָס צו טאָן.

צעירה איז אַ תל־אביבערין, אַ סך זון. לויטערער הימל. ים. רעשיקע אוונטליכטער. אַ ריטעם פון אַ יונג לעבן, וואָס וועקט תשוקה, צעעפנט ס'אויג פאַר נייע האָריזאָנטן, נייע פאָרמען און תוכנס פון התנהגות, וואָס גיט צו דער אַכצניאָריקער תמימות עראָטישן חן.

די אימפּולסן, די וואַרעמע געפילן, וואָס צעירה רופט ביי אים אַרויס מאַכן אים מבולבל. מישן אויס די זכרונות פון נעכטן מיטן היינט און מיט

דער האָפענונג אויף מאָרגן. „און אַ ניי האָרץ וועל איך אייך אַריינגעבן״ — האָט ער זיך דערמאָנט אין די ווערטער פון יחזקאל. ווו איז דער נביא פון היינט — נביא, צי נס — וואָס זאָל אים אויך אַ נייעם גוף געבן?

אַ שאָד, אַ גרויסער שאָד, וואָס ער האָט דעמאָלט זיין ליבשאַפט הינ־דעלען ניִשט אַנטפּלעקט. צו יונג, אומדערפאָרן איז זי געווען אָט די שפּירונג אַרויסצולייענען פון זיין האָרץ: אַ פאַרשלאָסן, צוריקגעהאַלטן האָרץ פון אַן אַלטן קאַוואַליער. און אפשר איז עס זיין שולד? צו שפּעט אָנגעהויבן. ווען? ווו האָט ער פריִער צייט געהאַט דערצו?

דער עלטסטער פון פיר דערוואַקסענע ברידער — האָט ער מער נישט געקענט זיצן אין שטוב. געאַרבעט. גענומען פּריוואַטע לעקציעס. געשטעלט זיך צו עקזאַמענס אין ווילנער לערער־סעמינאַר.

„לאַכט, ברידערלעך — שרייבט ער — „טוביה ווערט אַ לערער״.

צוויי יאָר געאַרבעט און געלערנט. נייַנצן ניין און דרייסיק פאָרט ער אַהיים אויף וואַקאַציעס. מלחמה. מיליטער. רוסלאַנד.



און אַצינד?

די ווענט פון זיין אַנדערהאַלבן־צימערדיק דירהלע — ווי זיי וואָלטן זיך געברוגזט אויף דער ליידיקייט, וואָס ער לאָזט נאָך זיך מיטן אַוועקגיין און מיט דער שטומקייט, וואָס ער ברענגט מיטן אַריינקומען.

ווו זאָל ער זיך אַהינטאָן?

גיין אין „קלוב פון רווקות און רווקים״? ראשית, זענען דאָרט אַלע יונגע מענטשן; שנית, נמאס צו זען אַלע מאָל די זעלבע פּרצופים, אויפ־געצוווּנגענע שמייכלען, אָנגעסטראַיעטע פריילעכקייט. ס׳ווייעט פון אַ יעדנס פּנים מיט אויסגעפּוצטן אין דער וואָכן. מיט טרויעריקער איינזאַמקייט. איינער קומט זיך וואַרעמען ביים צווייטנס פייער. און דאָס „פייער״ איז קאַלט. און די רייד? — תּמיד די זעלבע.

און די קאַוואַליערן:

— שווער צו געפינען אַן אמתן, פאַסיקן מאַן.

— דאָס „שוואַכע מין״, אַ צוגעלאָזטקייט, וואָס שטויסט אָפּ: אַ טרויע־

ריק שמייכעלע...

גיין אויף די צוזאַמענטרעפן פון די לאַנדסלייט? ערשט מיט עטלעכע וואָכן צוריק איז ער געווען אויף אַן אזכרה. ער האָט נישט ליב די אזכרות. יאָריערלעך פייערלעכקייטן — ווערן וואָכעדיק. באַלויכטענער זאַל. זעקס ליכט אויף דער בינע — זעקס מיליאָן קדושים. אל מלא רחמים. טרערן. אַ רעדע. חלול המת. חילול השם. גראָטעסק. קאַריקאַטור. שטאַרבט איין מענטש —וויינט מען. מען קלאָגט און מען טרויערט. ווערן געהרגעט, קומען אום מיט מיתות־משונות אַ סך מענטשן — איז עס סטאַטיסטיק: „זעקס מיליאָן". ברוטאַלע שפּראַך פון דער צייט. צייט פון קאָמפּיוטער. ער האָט אַ מוח, דער קאָמפּיוטער. קיין שכל האָט ער נישט. און קיין האַרץ — אוודאי נישט.

די ערשטע יאָרן נאָכן חורבן איז מען געווען צוריקגעהאַלטן. מען האָט געשוויגן. ער דערמאָנט זיך עטלעכע שורות פון אַ ליד:

צו פרי צו פאַרגעסן.
צו טיף צו פאַרהיילן.
נישטאָ די מאָס צו מעסטן,
נישטאָ דאָס וואָרט צו דערציילן,
נישטאָ קיין נאָמען —
יעדעס וואָרט איז לעסטער:
גיב מיר כוח, גאָט, צו שטומען.

די קוועלעניש האָט ווי אַ שווערד אין אַ שייד זיך פאַרשטעקט. אַן אומקלאָר שולד־געפיל האָט מיט דער צייט אַ משונהדיק פּנים באַקומען. אַזוי אָפן, פריי רעדט מען וועגן חורבן. פייערלעכע אסיפות. יאָרצייטליכט. מאַרמאָר־מצבות. קען מען דערמיט היילן קראַנקע נשמות?

אויך דאָס גיין נאָך מיטאָג צום ים איז נמאס. די פאַרנאַכטן זענען דומפּיק־שווערע. אַ מידקייט לייגט זיך, ווי בליי אין אַלע אברים. נאָך דעם — ווידער ס'דרייען זיך אַליין אין די גאַסן.

אין שטוב? דער זייגער פאַרקירצט דאָס לעבן. די בענקשאַפט פאַר־לענגערט די טעג. העלערס טעג — וואַסער אין אַ ליימגרוב. טונקעלע שפּיגלען — זיך אַליין זעט ער, קנייטשן אויפן שטערן, טיפע שניטן אַרום

מויל, די האַלדזהויטן — לויזער. אויך ס׳קול, שפּירט ער, ווערט טרוקענער, ווי ס׳ברעכן זיך פון פּרוכנע האַלץ.

די עלטער איז אומפּאַרמײַדלעך, ווי דאָס שלעכטס. די יונגשאַפט איז קורץ און פאַרגענגלעך. ער געדענקט נישט צי ער איז אַ מאָל יונג געווען.

און אפשר איז דיווירקלעכקייט אַ חלום: אַ פּוסטער חלום? ערשט דער טונקעלער, ענגער דורכגאַנג פירט צום טויער פון אייביקע טעג?

דער מענטש גייט אַוועק, ווערט ווידער געבוירן, לעבט אויף אין זכרון פון ביידע זייטן עקזיסטענץ.

ווער ווייסט נאָך זיין אַוועקגיין אַפּוויקלען דעם סוד פון זיין לעבן? — צירל, הינדעלע? ווו זענען זיי אַצינד?

איז ער נישט אַ לעצטע רינג פון אַ צעריסענער קייט? טאַטע, מאַמע, ברידער, נאַרוטאַוויטש־גאַס. אַ קליינער, פאַרשלאָסענער קרייז — גאַנץ, ווי דאָס תמים האַרץ פון זיין טאַטן.

דער טאַטע פלעגט דערציילן:

זיין טאַטע, טוביהס זיידע, האָט אַ גאַנץ לעבן זיך געעסקט מיט חברות: חברה תהילים; חברה עין־יעקב; הכנסת־כלה; ביקור־חולים; חברה מתן־בסתר. אַ קליין ייִנגל געווען, זיין טאַטע, איז דער זיידע מיט אים אויף דער האַנט — און נאָך ייִדן — געלאָפן קוקן אויפן וווּנדער פון ערשטן אויטאָמאָביל, וואָס האָט זיך אַ לאָז געטאָן אויפן ניי־ברוקירטן וועג אויפן ערשטן טעלעגראַפן־סלופּ מיט דראָטן, וואָס ציִען זיך אַזש ביז וואַרשע, אויפן ערשטן גאַזלאָמפּ אין מיטן מאַרק.

זיין טאַטע:

קיין גרויסער חסיד איז ער נישט געווען, ער פלעגט אָבער איטלעכס מאָל קומען מיט מעשיות און לצנות פון גערער שטיבל, ווו ער האָט אַלע אין דער פרי זיך אַריינגעכאַפּט אויף שחרית. אין די שבתים און יום־טובים — אַ שטענדיקער דאַווענער. געזאָרגט אויך פאַר אַן אייגענער „שטאָט" אויף די ימים־נוראים, ווו ער איז געזעסן יעדן טאָג ביז איבער די עשרת ימי תשובה.

אַ מעשה מיט אַ גביר — אַן עניוו, ר׳ שואלקע און אַ מעקלער, וואָס האָט זיך געדרייט אַרום גביר — יחיאלקע, אַ קמצן, אַ סקנער.

אין שטאָט האָט מען גערעדט אַז יחיאלקע איז געקומען צו געלט צוליבן צוימען דעם יצר־הרע פון רויכערן. ווי אַזוי צוימט מען אַזאַ שטייגער יצר־הרע ? ער זאָל האָבן באַהאַלטן די פּאַפּיראָסן, די גילזן און דעם טיטון אין דער קאַסע פון מלווה ר׳ שואלקע.

דאַקעגן ר׳ שואלקען האָבן אַלע פאַרגינען ס׳עשירות מחמת זיין עניוות. אין שטיבל האָט ער נישט פאַרנומען קיין אויבן־אָן. געזעסן ביי אַ טישל מיטן גר, בענטשע דער ליים־פירער, שמחה וואַסערטרעגער, יאָסל בעדער — אַלע, נעבעך, אָרעמע־לייט, אביונים. אָבער אַ טלית האָט ער געטראָגן מיט אַ שמאָלער עטרה.

אַלע האָבן געלויבט זיין פיקחות, זיין סוחרישן קאָפּ.

האָט זיך געמאַכט, אַז די הוצאות אויפן שטיבל האָבן נישט געסטייעט — איז ר׳ שואלקע געפאַלן אויף אַ פּאַרטל:

שבת נאָכן דאַווענען, צום אַהיימגיין, אַראָפּשלעפּן די טליתים פון די חסידים. די גערער חסידים האָבן שבת נישט געטראָגן, ווי אַ גאַנצע וואָך, די טליתים־זעקלעך אונטערן אָרעם, נאָר אויף זיך, הינטער דער קאַפּאָטע אָדער פּאַלטאָ.

די יונגע חסידים זענען געשטאַנען ביי דער טיר און פון יעדן איינעם אַ ציִ אַראָפּ געטאָן דעם טלית און אַוועקגעלייגט אין אַ זייט. די גאַנצע זאַך האָט בעת מעשה אויסגעזען אַ קאַטאָוועס. אָבער זונטיק אין דער פרי דאַרף מען גיין דאַווענען. יעדער איינער האָט געמוזט אויסקויפן זיין טלית. האָט מען טאַקע אויסגעקויפט די טליתים און איינגעקויפט זיך אַ מצווה — אַ תרומה אויף דער הוצאה פון שטיבל.

ר׳ שואלקע האָט נישט געוואָרט מען זאָל פון אים אַראָפּציִען דעם טלית פון אונטער דער אַטלאַסענער קאַפּאָטע. ער האָט אים אַליין אַוועקגעלייגט, צוזאַמען מיט אַלע טליתים.

מוצאי־שבת, צו מלווה־מלכה האָט בערקע שמש זיך אַ ווייז־געטאָן אין דער טיר פון ר׳ שואלקע מיט אַ ברייטן „גוט־וואָך״ און מיטן סאַמעטענעם טלית־זעקל אונטערן אָרעם. פאַרשטייט זיך, אַז דער שמש איז נישט אַרויס מיט קיין ליידיקע הענט.

אויף וועגן שמחה וואַסערטרעגער האָט ער געהאַט וואָס צו דערציילן.

ער האָט געטאָן אַ נדר, שמחה, מקיים זיין די מצווה פון באַזאָרגן די חסידים־לערנער אין שטיבל מיט אַ פרישן טרונק וואַסער און מים אחרונים. אַזוי לאַנג ווי אַ מענטש לעבט — זינדיקט ער, האָט ער געזאָגט. מיט וואָס וועט ער איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר קומען אויף יענער וועלט? אַז דער קטיגור וועט זאָגן „נאָך אַ פעסל סמאָלע" — וועט דער סניגור אַ געשריי טאָן: „אַ קענדל וואַסער". מער וואַסער — מער מצוות.

טאַטעס. זיידעס. שטיבלעך. ענגע שטובן. נידעריקע סטעליעס, אָבער נענטער צו גאָט, „אבינו שבשמים" — זייער שיך און שטיך.

ער איז פון יענעם קרייז אַרויס, פון לאַנג אַרויס. אין נייעם קרייז פון כרך — נישט אַריין. וואָס האָט ער פונעם גרויסן כרך? ער שלינגט אים איין און שפייט אים אויס.

ה

יורדים.

אַן אַלט־נייע פּלאָג.

פאַר וואָס פאַרלאָזט מען דאָס לאַנד? אין די חלוצישע יאָרן האָט מען געזאָגט: — די שוואַכע פאָרן אַוועק, די שטאַרקע בלייבן.

און וואָס האָט מען געזאָגט אויף דער ירידה פון פאָרן חורבן בית שני? — העלעניזם.

און היינט — אַנגלאָסאַקסישער־אַמעריקאַניזם.

ס'קומט אים אויס, העלערן, אַז גאָר די שטאַרקע פאָרן אַוועק און די שוואַכע בלייבן. אַ מין סאָרט־מאַשין איז דאָס לעבן דאָ געוואָרן. ער דער־מאָנט זיך: אין רוסלאַנד איז ער געשטאַנען ביי אַזאַ „סאָרטיראָוועקע". מען שיט אַריין קערנער: ווייץ; גערשטן; פּראָסע. דאָס ראָד דרייט זיך. דורכן אָפענעם פּיסק פון דער מאַשין פאַלן די שווערע קערנער, הויפן זיך אָן, די שאָל־הייטלעך, די פּלעווע — יאָגט אָפּ דער ווינט.

וועלכע בייזע ווינטן יאָגן אָפּ די יונגע מענטשן? יונגע, געזונטע קער־נער — אויף פרעמדע פעלדער: ווידער פּלעווע? —

אַ דאָפּלטער פּאַרדראָס:

דור המדבר קומט אַהיים, היגע, דאָ־געבוירענע — פאָרן פון דער היים

אין דער פרעמד. האָט טאַקע די פרעמד זיך אַזוי אַריינגעלעבט אין ייִד, אַז אויך דער נייער דור „הקם לתחיה" קאָן נישט אַפּטויסן אין זיך דאָס פּינטעלע... נע־ונד? צי ווייל דאָס זענען קינדער פון אַ דור נאָך אַ צווייטן און ערב אַ דריטן חורבן? — אַ משחית־געשפּענסט אין וואָלקן־ווינדעלעך פון אַטאָמישע רויכן...

העלער האָט ליב געהאַט, ווי זיין מאַמע פלעגט זאָגן, לייענען ס'בריוועלע אויף צוריק: און זיין זיצן דאָ אין משרד — איז נישט ירידה? איינער פון דער גרויסער פּקידים מחנה. לעבט אויפן לאָקש. דער משכרת — וועדליק דעם „קעסטעלע", שיבוץ בתק"ן: יעדער איינער — אין זיין קעסטעלע, מיט זיין חלום — איבערשפּרונגען פון איין קעסטעלע אין אַ צווייטס — אַ העכערס: אַ בעסערער לאָקש. סיי ווי סיי „שפּרינגט" ער נישט. ביי אים גייט עס פּאַמעלעך.

געקומען אַהער אַ מענטש עפּעס איבער די דרייסיק און זיך אָוועקגעזעצט אויפן בענקל.

דער דרום — צוויי דריטל פון לאַנד — פּוסטעוועט: זאַמד; זון; וויסטע; אַ הייסער הימל איבער גראָ־געלע, שטויביקע שטחים. איין כביש שניידט ווי אַ מעסער דורך דעם מדבר. נאָך פאַר דער מאַנדאַט־צייט האָט מען אים געפלאַסטערט. איינציקע טעלעפאָן־סלופּעס, ווי לאַנגע, הויכע פיס פון שטרויס־פייגל. די „פייגל" זענען פאַרפלויגן און די „פיס" זענען שטעקן געבליבן אין זאַמד. בעדוי̇נער־געצעלטן — שוואַרצע, צעריסענע לאַטעס אויף אַ ליכטיקער לאַנדשאַפט. אַלץ איז אַזוי ווי געווען מיט הונדערטער, טויזנטער, אפשר מיליאָנען יאָרן צוריק. בראשית. דער אָטעם פון צייט האָט זיך דאָ פאַרהאַלטן. איין מאָל אין יאָר, אָדער אין צוויי דריי־יאָר — לאָזט זיך אַ גאָט־געבענטשטער רעגן אַראָפּ אויפן באָדן — אַ צעשפּאָלטענעם פון טרו־קעניש און חמימה.



גוט פילט זיך זיין שעף, דגני, אין דער חברה פון זיינע פיר, פינף ראשי־מחלקות. זייער געהאָרכזאַמקייט שטאַרקט אין אים זיין בטחון־עצמי. דגני איז נישט קיין גרויסער למדן. האָט ליב צו כאַפּן שיריים פון „רייכע"

טישן. פון אַ שטעטל הינטער יאַסי האָט ער מיטגעבראַכט די „ליבע צום פאָלק", וואָס האָט אין די ערשטע נאָך מלחמה־יאָרן אַ ווייע־געטאָן פון שבנותדיקן „גרויסן ברודער". אויפן משרד־לשון הייסט עס — ליבע צום עובד מן השורה. איינציקוויין האָט ער זיי ליב. יעדער, וואָס דאַרף צו אים (ער האָט אַזוי געקרעוועט די ענינים, אַז מען זאָל צו אים דאַרפן) זאָל קומען אין דער שעה פון איינס ביז צוויי אַ זייגער — צוויי מאָל אין דער וואָך. דער אַריינגאַנג צו אים איז דורכן חדר פון מזכירות און נישט דורך דער פּרוזדור־טיר. צוויי טעמים האָט ער דערביי:

א. אַ טיר פון אַ מנהל קאָן נישט זיין אָפן פאַר כל דיכפין.

ב. נישט תמיד קאָן אַ מנהל אויפנעמען. ער איז אַ באַשעפטיקטער מענטש.

אַלע צוזאַמען האָט ער ליב ווען ער איז ראש־המדברים אויף אַן אסיפה, אָדער בעתן פּירלייענען צירקולאַרן: ווען אַלע הערן זיך איין: לאַכן פון זיינס אַ וויץ, אַ חכמהלע, פּאַטשן בראַוואָ אויף „זיינעם" אַן אָריגינעלן געדאַנק.

זיין עברית איז אַ גרייזיקער. ביזן קומען אין לאַנד — פּלאַטקעוועט די חברה — האָט ער נישט געוווּסט פון אַ פּירקאַנטיקן צורת־אות. מ׳זאָל האָבן אַריינגעבליקט אין זיין תיק־אישי, אויף עטלעכע שאלות — מנהל ויחסי־אנוש — נישט געקענט ענטפערן. פון פּסיכאָלאָגישן עקזאַמען אַרויס בשן ועין. דער גראַפאָלאָג האָט אים געפּסלט בזה הלשון; „האיש אינו מסוגל לנהל מחלקה. מכל־שכן — מנהל סניף".

די בריוו, וואָס ער דיקטירט דער סעקרעטאַרין גייען דורך איר שטרענגע רעדאַקציע. זי מעקט, שרייבט־צו, סטיליזירט. ער פאַרלאָזט זיך אויף איר, דער סאַבּרע חתמעט. אין ירושלים ווייסט מען דערפון. מען זאָל האָבן געענטפערט דערויף מיט אַן עפּיזאָד:

„בשעת מ׳האָט דערטראָגן לונאַטשאַרסקין, אַז אַ בירגערמייסטער פון אַ שטאָט האָט געחתמעט אויף אַ דאָקומענט מיטן אַרויפלייגן דעם גראָבן פינגער, האָט ער, דער קאָמיסאַר פאַר זיכערהייטס־ענינים, געענטפערט מיט אַ בייזן אויסגעשריי: די רעוואָלוציע וועט דערפון נישט ליידן.

(צי איז יענער, וואָס האָט דאָס מסירהלע דערטראָגן דעם קאָמיסאַר אַרויס אויף די אייגענע פיס, צי האָט מען אים אַרויסגעפירט — ווייסט קיינער נישט).

בעת דער אָקופּאַציע, זאָגט ער, איז ער געווען אַ פּאַרטיזאַן. אַנגעשפּאַרט אַזש אין די ביאַלאָוויעזשער פּושטשעס. שמועות זענען אַרומגעגאַנגען אַז זיי זענען אויסבאַהאַלטן געווען אין אַ בונקער. אין טאָג, וואָס די רויטע אַרמיי האָט באַפרייט זיין געבורט־שטעטל, זענען זיי מיט נאָך עטלעכע געראַטעוועטע יידן אַרויס אין גאַס. געזען רויטע אַרמייער אויף טאַנקען, האָט ער דער ערשטער אויסגעשריִען:

— טשודנאַ. פּרעקראַסנאַ. מאַלאַדצי.

אין גאַס איז מר דגני שטאַרק אויסגעהיטן פון אַריינלאָזן זיך אין אַ שמועס מיט עמעצן. ראשית, איז עס זייער ביליק, המוגיש. שנית — איז ער נישט אַזוי שווה־בשווה מיטן עברית. דער פּחד טאָמער כאַפּט ער זיך אַרויס נישט אַזוי אַקוראַטנע — אַ מענטש אין זיין מעמד — נעמט אָפּ ביי אים ס׳לשון. ברענגט אים אַריין אין ספק אויך מיט דעם, וואָס ער ווייסט. ער מיידט אויס פאָרן אין אויטאָבוס אין דער שעה, ווען די פּקידים זיינע פאָרן אַהיים. ער איז אַ קנאַפּער בעלן אויף קאָלעקטיווע אויספלוגן. מען קען אים נאָך אָננעמען פאַר סתם איינעם פון אַ סך. — פאַראַן חוצפּהניקעס. נודניקעס. מען שטייט צו מיט קלאָץ־קשיות:

— פון וואַנען ביסטו ?

— ווען ביסטו געקומען אין לאַנד ?

זיי האָבן אַמאָל ליב צו מאַכן ביליקע חכמות, אַ גוטברודערישן קלאַפּ אין פּלייצע: אַ שטויס, אַ שטורק.

ער איז מקפּיד אויפן אָנטאָן. ריינער, ווייסער קאָלנער. זיינע גראָע שלייפן, דער ערנסטער קוק, גיבן צו חשיבות.

אין פּרוזדור שטעלט ער זיך נישט אָפּ רעדן. פּרוווט אים עמעצער פאַר־טשעפּען מיט אַ וואָרט — פאַרגיכערט ער דעם טראָט. פאַרשטייט מען שוין, אַז אַ מנהל ענטפערט נישט אין די פּרוזדורן, נישט אויף די טרעפּ, וואָס פירן פון איין שטאָק אויפן צווייטן: נישט שטייענדיק און נישט גייענדיק.

אַ מנהל שטעלט מען נישט אָפּ בעת ער איילט זיך. מסתמא איז ער פאַרנומען. זיין אָפּגעדרייטע, ברוגזע פּלייצע מיט די שווערע אַקסל — איז דער בעסטער סימן. זיי רעדן שוין פאַר אים:

— האָסט אַן ענין צום מנהל — וואַרט אויף דיין ריי אין די באַשטימטע

שעהען, טעג.

בעתן אַריינקומען צו אים אין חדר האָט ער אַ טבע נישט אויפהייבן דעם קאָפּ פון איבער די פּאַפּירן, אַקטן־טאַשן, תקשי״ר וואָס אויפן טיש. (תמיד ליגן אויפן טיש פּאַפּירן) ערשט נאָך אַ מינוט, צוויי אונטערשטיין, הייבט ער אַרויס ס׳פּנים. שטעלט אָן פאַרוווּנדערטע בליקן גלייך ער האָט דיך אַקערשט באַמערקט. ער טראַכט אַ ווײַלע. נעמט אַראָפּ די ברילן. ווישט די גלעזער. טוט אַ פיר מיט דער האַנט איבער די אויגן און גיט אַ שאָקל מיטן קאָפּ אויפן „שלום״, וואָס האָסט געזאָגט צום אַריינקומען. ער ווייזט אָן מיט דער האַנט אויף אַ שטול;

— זיצט. פאַר וואָס זיצט איר נישט.

די עלטערע פּקידים, וותיקים קענען גוט אָט די שוואַכקייט צו שטאַרקן זיך. מאַכן זיך נישט דערפון קיין צימעס. די ניי־צוגעקומענע, מייסטנס סאַברעס — האָבן אויף זיינע „הצגות״ געענטפערט אויף זייער שטייגער:

— זקן, מתוסכל.

און מר דגני — ביי ס׳זייניקע: ער איז — מאַכט ער — אַ מענטש פון חוק וסדר. העלערן האָבן די ווערטער דערמאָנט אין קאַצקער: אמת מארץ תצמח — האָט ער געזאָגט, דער קאָצקער, און געדרונגען:

כּדי דער אמת זאָל פון דער ערד וואַקסן — דאַרף דער מענטש זיך אַראָפּבייגן... נידעריקער פון גראָז דאַרף ער זיין.

דער אמת עקזיסטירט בזכות עצמו. מ׳דאַרף זיך צו אים קענען דער־גרונטעווען. פאַראַן אויך רגעס ווען ער איז נגלה. דער פאַר איז דער אמת אומאָפּפרעגלעך. דאַקעגן דער שקר האָט נישט קיין קיום אָן דעם, וואָס באַנוצט זיך מיט אים...

אין גערוימען, דריי־פענצטערדיקן חדר, ביים גרויסן אַרבעטס־טיש, הינ־טער איין פאַרשלאָסענער טיר, די צווייטע — אָפן, אין מזכירות אַריין — פילט זיך דגני אין דער היים. מיין שטוב — מיין פעסטונג.

נישט קיין נאַראָנים, דאַכט זיך די ענגלענדער האָבן דעם אמת אויס־געפונען. אָבער נישט זיין שטוב: אַ צווייטע פּרוי איז נישט קיין ערשטע. אויך זי איז פון דאַרטן. דאַקטערט זיך די לעצטע יאָרן; שרייט פון שלאָף; שוויגט גאַנצע טעג.

דאָ איז ער אין דער היים. די טונקעלע פאָרהאַנגען זיפּן דורך די באַ־טאַגיקע, הייסע זון. אַ קילער אונטערן פענצטער. אַ וואַזאָן–בוים אין ווינקל חדר. אַ גלעזערנע ביכער–שאַנק. רוקנס פון גראָבע ביכער מיט גרויסע אותיות: „שרות המדינה — שרות לאומי" —; „פיצויי פיטורים — פרשנות"; „בתי־הדין לעבודה"; „בוררות–בטוח"; „בריאות העם"; „בתי־סוהר".

צוויי פאָטעלן פאַר די געסט פון ירושלים. עטלעכע שטולן ביי די ווענט. פון דעסטוועגן קען ער זיך פון די שלעכטע מחשבות נישט אויסהיטן. ווי קאַלטע ווינטלעך רייסן זיי זיך אָפּט אַריין אין דער „פעסטונג". מאַכן פון איר — אַ חורבה. פון וואַנען, לכל הרוחת, קומען צו אים אַזעלכע געדאַנקען? און בכלל, ווי האַלט עס מיט אים? פון איין זייט — בר–סמכא, פון דער צווייטער — פּחד פאַר די ממונים. דער פּחד מאַכט אים אונטערטעניק, נערוועז. די נערוועזיטעט איז מגביר דעם פּחד. אַ פאַרכשופטער קרייז. ער דרייט זיך אינעווייניק, קאָן נישט אַרויס.

נו, שוין זשע ווייסן דאָס נישט זיינע ממונים? פאַר וואָס שווייגן זיי? אפשר באַגייט ער אַ טעות. פירט זיך נישט, ווי ס'באַדאַרף צו זיין. מ'איז דאָך נישט מער ווי אַ מענטש. זייער שווייגן געפעלט אים נישט. איז מען אים מוותר, צי — מבטל?

נאָך צוויי, דריי יאָר גייט ער אין פענסיע. ווייל מען דערפאַר זיך נישט מתעסק זיין מיט אים? זה השכר וזה העונש?

עלטער. אַריבער דרייסיק יאָר אין לאַנד. קיין יונגערמאַנטשיק איז ער אַהער נישט געקומען. דערווייל האָט מען נאָך קיין סגולה קעגן דער „קראַנ־קייט", עלטער, נישט אויסגעפונען. נאָר טויטע עלטערן זיך נישט...

ער איז אויך אַ מאָל יונג געווען. געלערנט אין אַ חדר. אפילו געחלומט ווערן אַ רבי. אַלע תלמידים וועלן זיצן, ווי אַ „ח" אַרום טיש. צו זיין אַריינ־קומען וועלן אַלע זיך אויפשטעלן:

— דער רבי גייט.

ער האָט געלערנט אין אַ האַנדלס–שול. איבערגעריסן די לימודים צוליבן טאַטנס פריצייטיקן טויט. צו קיין אַרבעט האָט אים נישט געצויגן. זיך גע־חברט מיט די „חברים פון דער באַוועגונג". אַריינגעקוקט אין זאַקס „פּאָלי־טישע עקאָנאָמיע", בוכאַרינס „היסטאָרישער מאַטעריאַליזם", אין פרעמד־

ווערטער–בוך פון ד״ר פינעס.

די חברים האָבן אים געקלעפּלט איבער דער פּלייצע:

— ס׳וועט פון דיר אויסוואַקסן אַ גרויסער קעמפער פאַר דער הייליקער זאַך.

קיין עברית האָט מען אין דער האַנדלס–שול נישט געלערנט. און ווייל ער איז געווען ביי זיי אַ „חדר–יינגל״ — האָט מען אים גערופן:

— רבי, רבילע.

אין חדר האָבן די יינגלעך אים גערופן: „גוי גמור״, ווייל ער האָט נישט געקענט קיין העברעיש און נישט קיין יידיש.

זיין טאַטע, עליו השלום, איז אויך נישט געווען קיין גרויסער בן–תורה. אָבער אַ בעל–שכל — יאָ.

ער געדענקט: אַ יאָר אַכט איז ער דעמאָלט אַלט געווען. דער „מאָסקאָ־ווער פאָלק״ האָט זיך געגרייט פייערן זיין צווייהונדערט יאָריקער עקזיסטענץ. זיין טאַטע — הויפּט–ליפעראַנט פון פאָלק — האָט באַדאַרפט צושטעלן אַ סך פּראָוויאַנט. יעדער סאָלדאַט זאָל באַקומען אַ דאָפּלטע פּאָרציע פלייש, אַ סך קאַשע און אַ גאַנץ ראַזעווע ברויט.

אַז דער צאַר מיט זיין סוויטע איז געקומען אויפן וואָקזאַל האָבן אַלע קלויסטערס אין יאַסי געקלונגען. אַן אָרקעסטער האָט געשפּילט. זיין טאַטע האָט דערציילט, אַז ר׳איז געגאַנגען נאָענט פון יאַסער רב, וואָס האָט דעם צאַר ניקאָלאַי מקבל פּנים געווען מיט אַ ספר–תורה. ער איז געווען אין דער דעלעגאַציע פון די פּני־העיר, וואָס איז דעם צאַר אַקעגנגעגאַנגען מיט ברויט און זאַלץ.

ער האָט אים געפירט ביים הענטל, דער טאַטע. ביידע זענען אַזוי נאָענט געשטאַנען פון קייסער, נאָר מיט אַ פינגער אים אָנצורירן. גלייך, ווי אַ ווירע, אַן אויסגעפּרייגטער איז געשטאַנען דער פעלדפעבל — זיין שומר ראש. אַ לאַנגע שאַבלע ביי דער זייט. די ברוסט — באַהאַנגען מיט מעדאַלן.

די דערמאָנונגען פאַריאָגן יענע אומהיימלעכע מחשבות. ער זעט באַ־שיימפּערלעך, אַז מנהל הסניף, איש–ההירעראַרכיע איז, קאָן מען זאָגן, אַ ירושה–זאַך:

— דאָס עפּעלע פאַלט נישט ווייט פון ביימעלע.

אלא מאי? סוזי, זיין ווייב, עליה השלום, חיימקע — אַ יינגעלע אַ יאָר פאַר בר־מצווה — ביידע זענען אויף עטלעכע מינוט אַרויס פון בונקער. ,,בלייב דאָ מיטן טאַטן" — האָט זיך די מאַמע ביי אים געבעטן. ער האָט זיך איינגעעקשנט און מיטגעגאַנגען.

זיי זענען נישט צוריקגעקומען.

סוף ניינצן דריי און פערציק. אַ סעלעקציע. מען האָט געכאַפּט אין די גאַסן. געסטאַפּאָווצעס מיט הינט האָבן געיאָגט צו דער באַן־סטאַציע. זיי זענען צו די וואַגאָנעס נישט דערגאַנגען. בערך זעקס הונדערט יידן: מענער, פרויען, זקנים, קינדער.

סוזי איז געלאָפן און געפאַלן. אָפּגעשוואַכט פון צוויי יאָר אין בונקער — האָט זי מער נישט געקענט לויפן. חיימקע האָט איר אונטערגעהאַלטן. ,,נאָך אַביסעלע, נאָך אַביסעלע" — האָט ער זיך ביי איר געבעטן. ,,לאָז מיך איבער, קינד מיינס, לויף, ראַטעווע זיך" — האָט זי געשעפּטשעט און אַנידערגעפאַלן. אַן ס.ס.־מאַן האָט דאָס דערזען. דערלאַנגט דעם יינגל מיט דער קאָלבע איבער די פּלייצעס. אין דער ליגנדיקער האָט ער אַריינגעשאָסן אַ קויל. דאָס יינגל האָט נישט געוואָלט אָוועקגיין פון דער מאַמען. אַן אָנגערייצטער הונט האָט אים אָוועקגעשלעפּט.

דאָס יינגל איז געלאָפן און געיאָמערט.

חיימקע זאָל דאָס אַליין האָבן דערציילט איינעם פון דער מחנה לויפנדיקע. יענער איז על פּי נס לעבנגעבליבן. אַזוי איז צו דגני דערגאַנגען דער ,,גרוס" פון זיין ווייב און זון.

דגני האָט, ווי פון אַ ביס פון אַ נישט־געזעענער שלאַנג, מיט אַ מאָל זיך אַ כאַפּ געטאָן. מיט אַ האַסטיקן רוק הינטערוויילעכץ זיך דערווייטערט פון טיש. ער האָט אויסגעגלייכט דעם רוקן אין פאָטעל־אָנלען. זיך פאַרקוקט אויף עפּעס.

אויף דער אַנטקעגנאיבערדיקער וואַנט, אין אַ גאָלד־געפאַרבטן ראַמל הענגט אַ בילד. אין די־אַ רגעס האָבן זיינע אויגן פון בילד נישט געוואָלט אַראָפּ...

נישט אַנדעריש: גלייך די גרויסע גאָלד־אותיות וואָלטן פון דער וואַנט אַראָפּ און אַריין אין אים און ווי אַ היילנדיקער באַלזאַם זיך צעגאָנגען אין

אַלע זיינע אברים, אויפגעשטראָמט דאָס בלוט, וואָס האָט אָקערשט געגלי־ווערט אין זיינע אָדערן, און אָט פליִען זיי ווידער אָן די אותיות, שטעלן זיך אויס אין אַ ריי: אַ נייע שורה אותיות אויפן „קלף מגילת–העצמאות": אַ צוגאָב–שורה:

„מער וועט זיך דאָס נישט איבערחזרן".

דגני האָט זיך צוריק דערנענטערט צום טיש, אַריינגעקוקט אין די פּאַ־פּירן, נייע צירקולאַרן זענען אָנגעקומען. מען דאַרף זיי פאַרלייענען פאַר די אנשי–מחלקות. ער'ט פריִער אַ שמועס טאָן מיט זיין מ"מ — כהן* ער האָט אַ קוק געטאָן אויפן האַנט־זייגערל און אָנגערופן די סעקרעטאַרין:

— מירי.

— כן, מר דגני.

— אין אַ האַלבער שעה אַרום אַ ישיבה פון די ראשי–מחלקות.



ער פילט זיך גוט, דגני, אין דער חברה פון זיינע מענטשן. אַלע זיצן אין האַלבן רונד אַרום טיש. צען פּאָר אויגן קוקן אויף אים. הסכמה און הכנעה אין זייערע בליקן. קיין איינער וועט נישט וואַגן מערער זיין אויף דעם וואָס קומט פון זיין מויל אַרויס: אויף דעם וואָס מען וועט דאָ פאַר־לייענען. זיינע מענטשן. דאָ ביי אים זענען זיי עולה לגדולה געוואָרן. שלי־פעס האָט ער זיי אָנגעטאָן, הערנער. הערנערלעך דזשאָבען זיך אָפּט איינער מיטן צווייטן. זאָלן זיי. עס שטערט אים נישט. אדרבא, יעדער איינער סטאַרעט זיך נושא חן זיין ביי אים. אויך אַ מסירהלע איז כשר.

ער זעט בפירוש, אַז זיין צולייגן אַן אויער, זיין צוטרוילעכער בליק, דער שמייכל זיינער — דערמוטיקט. והראיה, איטלעכס מאָל יאָוועט זיך אָן אַנדערער מיט אַ סוד: „צוויי מאָל אין דער וואָך, אין די שעהען פון צען און צוועלף, זעט מען ,אים' פאָרן פון משרד אויפן שוק הכרמל".

„מ'בטלנט אין די חדרים. ,אסיפות' מאַכט מען אונטער ,זיין' נאָז: ער זיצט און לייענט אַ צייטונג".

„ער" וואַרפט די צירקולאַרן אין קויש אַריין במקום פירלייענען זיי פאַר די מענטשן פון דער מחלקה".

---

* וויצע־שעף.

„גאַנצע טעג זיצט זי ביי העלערן אין חדר, די קליינע קאַקטעקע. און „ער", דער מנהל מחלקה, זעט ניט...

יעדער אונטערטראַגער מיינט, אַז נאָר צו אים הערט זיך דגני צו. נאָר צו אים שמייכלט ער. קלעפּלט אים איבער דער פּלייצע. קיין איינעם פון זיי פאַלט ניט איין, אַז אויך אויף אים קוקט אַן אויג פון אַן אייגענעם, אַ חבר בעבודה, וואָס טרעפט צו דער קליאַמקע פון דגניס קאַבינעט.

דגני האָט ערגעץ געליינט אַ זאָג פון אַ גרויסן מלוכה-מאַן. ער געדענקט ניט ווער. אָבער אַ קלוגער זאָג — געדענקט זיך:

„ער האָט ליב דעם פאַרראַט און האָט פיינט דעם פאַררעטער".

דגני האָט ליב ביידע. אָט די קרומע וועגעלעך זענען ביי אים די גליי- כסטע זאַך. ביידע דינען דאָך איין ציל: „דער ציל הייליקט די מיטלען". דעם אמת געדענקט ער נאָך פון זיינע בחורישע יאָרן, ווען ר'האָט זיך געחברט מיט די „חברים פון דער באַוועגונג". וואָס מען לערנט אין דער יוגנט איז שוואַרץ אויף ווייס. דאַקעגן אויף דער עלטער — ווייס אויף שוואַרץ.

די שיטה פון „מיטאַרבעטן" האָט ער גראַד געלערנט די לעצטע יאָרן. דאָס האָט ער אוספיעיעט צו כאַפּן אַ „נאַש" באַלד נאָך דער מלחמה אין זיין „באַפרייטן" לאַנד איידער זיין עולה זיין.

שווער צו זאָגן, אַז די צענטראַלע, אין ירושלים, ווו די דאַזיקע גענג פון אַלע מנהלי-סניפים, זענען ווילבאַקאַנט — זאָל קוקן אויף דעם מיט אַ שלעכט אויג. ס'קאָן גריילעך זיין, אַז די שיטה שטאַמט גראַד פון אויבן. — זי איז גאַנגבאַר צווישן די מנהלי סניפים בינם ובינעצמם און — בינם און דער הנהלת המוסד.

באַשר דער געהאַרכזאַמקייט פון זיינע מענטשן: עס איז יאָ גוט און ניט גוט. ניט תמיד איז ער אַגיל ואשמח מיט די יאָ-זאָגער. זיצן ווי קעל- בער, מעלה-גירהן, באַמבלען צו מיט די קעפּ, גלאָצן מיט די שעפּסענע אויגן.

אַ מנהל דאַרף זיך אַ מאָל שואל-עצה זיין. באַטראַכטן אַן ענין פון אַלע זייטן. הערן אַ מיינונג, אַ דעה, אַ פאָרשלאַג פון אַ בעל-שכל. מען הערט וואָס יענער זאָגט און מען קומט אויף דער ישיבת המנהלים מיט „אַן אייגענער מיינונג".

זאָלן זיינע „חברים", אויף צעפּיקעניש זען, הערן, אַז דגני ווייסט, וואָס

ער רעדט:

— דגני מרביץ הברקה.

— דגני על הגובה.

— דגני יודע להציע שנוי נוהלי, מהותי.

— כל הכבוד לדגני.

אַזוי דינט מען דער „הייליקער זאַך".

הייליקע זאַך מוז נישט דווקא מיינען סאָציאַלע רעוואָלוציע. ס׳קאָן אויך הייסן: ציוניסטישער סאָציאַליזם.

נישט דער נאָמען פון דער זאַך איז וויכטיק אלא — דער מענטש, זיין גוטער נאָמען.

משה כהן, פקיד גביה הראשי, איז איינער פון זיינע געטרייע מענטשן. האָט ליב, ווי זיין שעף — סדר און דיסציפּלין. מר כהן איז, ווי זיין שעף, נישט קיין גרויסער למדן. קיין בחינות בעתן צונעמען אים צו דער אַרבעט האָט ער נישט געמאַכט. מען האָט עס פון אים נישט געפאָדערט, ווי פון אַנדערע. מ׳זאָגט, געקומען צו מר דגני מיט אַ ידידי–בריוועלע פון דגניס אַ בן–עיר (אוי, די קליינע בריוועלעך, ווייסט מען צו דערציילן, זענען עוקר הרים) דאַקעגן אויף די ימי–עיון, אויפן חשבון פון מוסד, איז ער גוט מכל הבחינות.

צוויי אייגנשאַפטן באַדאַרף מען דערצו: געדולד אויסצוהערן לאַנגע דר־שות און — אַ גוטן אַפּעטיט צו די מאכלים און מטעמים, וואָס מען דערלאַנגט פאַר און נאָך יעדע הפסקה. (אויף דעם געביט שטייט ער העכער פון זיין שעף, וואָס ליידט אויף אַן אולקוס). אַן עלטערער מאַן. אַ באַווייבטער. אַ קינדערלאָזער. שיטערע, גראָע האָר־בערשטלעך אין מיטן קאָפּ. יוסטע פּליי־צעס. לאַנגע פיס. אַ סך זיצפלייש. טונקל־אַשיקע אויגן, גוטע, תּמעוואַטע אונטער געדיכטע, צוזאַמענגעוואַקסענע ברעמען. אַ לענגלעכע, האַרבאַטע נאָז. וואָנסעס מיט דינע בעזעמלעך אויף אַראָפּ, ווי ווידלען אַראָפּגעלאָזטע פון הינט בעת זיי לויפן פאַרביי פרעמדע הייף. אַ טבע האָט ער, מר כהן, אַ וויש און אַ מעלק טאָן די וואָנסע־ווידעלעך אויף רעכטס און לינקס בעת אין קאָפּ ביי אים סטיסעוועט זיך נישט עפּעס: קען נישט תּופס זיין אַ געדאַנק, אַ רעיון, אָדער געפינט נישט קיין אַקוראַטנע ענטפער אויף אַ געשטעלטער

שאלה. זיין בליק ווערט ווי פאַרנעפּלט. קיין מוסקל הינטער דער פּנים–הויט רירט זיך נישט. אַ געפּרווירענע מראה באַקומט זיין פּנים. עס העלפט נישט ס׳מעלקן די וואָנסעס, נישט דער קראַץ אין דער גראָער שלייף. בלייבט זיצן ווי פאַרשטיינערט און שמייכלט.

מיט קנאַפּע פופצן יאָר צוריק איז ער געווען אַ „הראשי״: ראש ה־המפקחים. צנע–צייטן. ער מיט נאָך מפקחים זענען געשטאַנען אויף די וועגן און ראָגן, וואָס פירן פון די מושבות, דערפער, קיבוצים אין שטאָט אַריין. אַ שוואַרצער האַנדל איז אין די יאָרן ניינצן פיר און פופציק, פינף און פופציק אַנגעגאַנגען מחמת דעם פעלן פון לעבנס־מיטל: פּוטער, פלייש, ירקות, פּירות. ער האָט פאַרהאַלטן די אויטאָבוסן, לאַסטאויטאָס מאָטאָציקלען, אפילו ראָווערן, ווי נאָר אויף ווען זיין אויג איז געפאַלן מיט חשד. געזוכט, געטאַפּט אין די קיישלעך, טורניסטערס, רוקזעק. קאָנפיסקירט די שוואַרצע סחורה און אַרעסטירט די הענדלער.

ער איז דעמאָלט יונג געווען. די שטאַרקע הענט האָבן אים גוט געדינט. נישט אָן הנאה דערמאָנט ער זיך היינט יענע צייטן כאַטש — אַ שווער שטיקל ברויט געווען.

היינט איז אים גרינגער. אַ סך גרינגער. אָבער די זמזומים, די ריננים:

— ער איז דאָך שטומפּיק אויף דער עברי.

— און רעדן ווי ס׳באַדאַרף צו זיין קען ער?

— און חשבון?

זיין שעף האָט דערויף אַ גרייטע דרייפאַכיקע תשובה:

— רכילות. גניעות. קנאה.

און פאַר די ממונים אין ירושלים?

— הוא נאמן. מצויין.

איז דאָס געווען אויסצופירן אַ פונקציע פון הפקיד הגביה הראשי? מ״מ? די שאלה האָט מען קיין מאָל נישט געפרעגט. נישט דערוואַרט קיין ענטפער.



פאַר דער באַפרייונגס–מלחמה געווען אַ געזעלן ביי אַ שניידער. די מלאכה האָט ער געירשנט ביי זיין טאַטן — וועקע טאַנדעטשאַזש. אויף די עלטערע

יאָרן האָט זיין טאַטע געגייט בלויז הויזן און כאַלאַטלעך. אַלע הויזן און כאַלאַטלעך פאַר ייִדישע קינדער האָט ער געגייט „אין דער ברייט". ניש־קשה: זיי דאַרפֿן נישט טאַנצן פאַרן גראַף פּאָטאָצקיס טאַכטער — האָט ער געטענהט. דער עיקר — ברייט און גרויס. זיי וועלן אויסוואַקסן... גאַר צופרידן איז ער געווען, אַז ס'איז צו אים אַריינגעפאַלן אַן אַטלאַסענע קאַ־פּאָטע. קודם־כל איז עס פאַר אַ שיינעם ייִד, אַ רב אָדער דאַזאַר. והשנית, ס'מוז נישט אַזוי פּאַסן. אַ זיידן גאַרטעלע אַרום אַן אַטלאַסענער קאַפּאָטע מאַכט הדרתדיקער, ברייט–באַלעבאַטיש. ער האָט געדאַוונט אין דער „פּראָס־טער שול". זיין טאַטע ז'געזעסן ביי אַ טישל מיט הוילע אָרעמע–לייט: מענדל וועטשיק דער ליימפּירער און אירמע דער בעדער.

צו סוכות האָט זיין טאַטע ליב געהאַט צו באַזאָרגן אַלעמען מיט אַ ביליקן אתרוג–בענטשן. זיינע צוויי ייִנגערע ברידער זענען האַלבע טעג אַרומגעלאָפן מיט אַן אתרוג און לולב.

פאַר זיין עולה זיין האָט דער טאַטע שוין געהאַט אין גאַנצן אַוועק־געלייגט ס'שניידעריי. געוואָרן אַ „זאַפּאַסנער" בעל–תפילה, אַ תהילים–זאָגער צוויי מאָל אין דער וואָך, אין חודש אלול — אַלע אין דער פרי.

משה כהן איז געקומען אַהער אַ זעכצן־יאָריק בחור מיט פיר קלאַסן פאָלקס–שול און צוויי יאָר תלמוד־תורה. אָנגעטאָן דאָ דעם פינגערהוט און באַלד אים אַראָפּגעוואָרפן — ווער האָט דאָ צו יענער צייט באַדאַרפט שניידעריי?

ער האָט ליב ספּאָרט, אַ קינאָ, אַ קערטל אַלע פרייטיק–צונאַכטס. אַ מאָל אויך אין מיטן דער וואָך. אויך דאָס „שוואַכע"מין איז שטאַרק נושא חן ביי אים.

דעם אמת דאַרף מען זאָגן: דער משרד איז דאָס איינציקע אָרט — זיין בית–ספר — ווו ער איז מתמיד זינט זיין איבערנעמען די שטעלע פון פקיד–הגביה.

דאָ האָט ער דערלערנט דעם געבוי אויך פון אַנדערע מלוכישע אינ־סטיטוציעס, זייערע אָפּצווייגן און דעם שייכות צווישן זיי.

מיט דער צייט האָט זיך אויך פאַרגעלאַסנט זיין לשון. אויסגעטוישט ס'גאַסן–קול אויף אַ געמיטלעכן שמייכל, אויף אַ שטיל וואָרט: אויסגעאיידלט

די מאַנירן, דעם פּנים–גרימאַס. דאָ האָט ער זיך אויסגעלערנט ענטפערן מיט צושאָקלען מיטן קאָפּ. מיט אַ האַנט–תנועה. האָט עמעצער פאַרלייגט טענות, תרעומות: „היתכן? וויפל מדינות אין דער קליינער מדינה: הס־תדרות, סוכנות, די מוניציפּאַליטעטן, משרד הקליטה, חינוך. און די אומקאָ־אָרדינאַציע פון אינסטאַנצן? און סאַראַ שפע פון אָפּטיילונגען, סעקטאָרן: אַזויפיל פּקידים, ביוראָקראַטיע, פּראָטעקציאָניזם? דער קליינער מענטש ווערט דאָך מבולבל״.

אויף אַזעלכע גערעכטע טענות האָט מר כהן געוווסט, אַז דער בעסטער ענטפער איז — אָפּשווייגן.

דאָ, אין משרד, האָבן זיינע הענט — געוויינט צו נאָדל־פאָדעם און שטופּן, נישטערן אין די קיישלעך — פאַמעלעכקע זיך איינגעאָרבעט. גע־כאַפּט דעם מסוגל צו שרייבן בריוו — אמת, סטאַנדאַרטע בריוו, אָבער — פאַכמענעריש. אויסגעלערנט זיך גראָד טראַכטן, פאַרבינדן וואָרט מיט וואָרט מיט טעם און טאַקט. ער ענטפערט אויף ווענדונגען, אָנקלאָגעס. פאַררופט זיך אויף פּאַראַגראַפן. רעדט און שרייבט בלשון החוק, ווי ס׳פּאַסט פאַר אַזאַ שטייגער פּקיד. פאַר אַ פרעמד אויער קלינגט עס, ווי דבורים פון יודע דבר, אַ בקי אין חוק און משפט.

דאָ האָט זיך כהן אויסגעלערנט די עלעמענטאַרע יסודות פון חשבון: חיבור, חיסור, חילוק, כפל. ער איז דאָ דערגאַנגען צו אַ מעמד, וואָס הייַנט, אין די שפּעטע זיבעציקער יאָרן, קען אַ מענטש מיט וויניקער פון אַקאַדע־מישער בילדונג נישט צוקומען.

צום שבח פון מר כהן דאַרף מען צוגעבן:

ער נעמט דעם ענין ערנסט, פאַרשפּעטיקט נישט צו דער אַרבעט, גייט נישט אַוועק פאַר דער צייט, פאַרפעלט נישט קיין טעג — אוודאי נישט אָן רשות פון מנהל, ער ברענגט נישט קיין קראַנקן–צעטלען, שרייבט נישט קיין הצהרות.* נאָך אַ מעלה האָט ער: ער איז נישט קיין גרויסער דברן. אויף אסיפות, ישיבות שטעלט ער נישט קיין פראַגן, בעט נישט קיין אויפ־

* אַ קראַנקן־דעקלאַראַציע אָנשטאָט אַ קראַנקן־צעטל. אויף צוויי אַזעלכע דעק־לאַראַציעס אויף פיר טעג אין יאָר האָט רעכט יעדער פּקיד.

קלערונגען, נעמט נישט קיין וואָרט, אַפּאַנירט נישט.

איין מאָל בשעת אַ לעקציע אויף די קורצע קורסן (ימי–עיון) האָט ער זיך אָנגערופן — געווען איז עס פאַרן סיום פון אַ רעפעראַט אויף דער טעמע: „הממשל והקומוניקציה". די מיטאָג–שעה האָט זיך דערנענטערט. דער רע־פערענט פרעגט:

— ממשיך זיין אָדער מאַכן אַן הפסקה?

— הפסקה — האָט ער דער ערשטער כמעט אויסגעשריען.

— גוט. אַן הפסקה — האָבן אַלע מסכים געווען און דער רעפערענט האָט צוגעגעבן מיט אַ שמייכעלע:

— אָ, סאַראַ התלהבות.

כהן האָט תיכף חרטה געקראָגן אויף דער נאַרישקייט, וואָס ער האָט אָפּגעטאָן. זיכער זיך באַליידיקט, דער לעקטאָר. מיינט אוודאי, אַז דער רעפעראַט האָט געלאַנגוויילט, גענודזשעט. אין דער אמתן האָט ער גראַד אין דער מינוט דערפילט אַ שטאַרק נאַגעניש אונטערן האַרץ.



דאָ, אויפן שפּיצבאַרג פון הצלחה זעט מר כהן דעם תהום צווישן אים און זיין אַמט. געמיינט האָט ער מיטן אָנקומען אין מוסד — באַשעפטיקונג: אַ גרינגע פּרנסה. איז ער דען שולדיק, אַז ער האָט מצליח געווען?

כהן, וואָס איז נוטה מבטל צו מאַכן די אייגענע מיינונג אויפן רצון פון רשות, אפילו ווען די העכערע אינסטאַנץ קען זיך באַגנוגענען מיט ווייניקער פון דעם — האָט זיך גאָר אַרויסגעוויזן פאַר אַ תקיף, אַ בעל־דעה פאַר די אים אונטערליגנדיקע פּקידים: אנשי השורה.

ער וועט דעם חסד מר דגנין קיין מאָל נישט פאַרגעסן.



אַ מענטש איז דאָס וואָס ער איז: אַ מאָל איז ער עפּעס מער, אַ מאָל — ווייניקער.

מיט די ווערטער האָט דגני מקבל געווען העלערן ביי זיך אין קאַבינעט. ער האָט פאַר דעם לאַנג אַריינגעטראַכט, ווי אַזוי אַרויף אויף דער טעמע — העלער־צעירה.

שמועות. נאַרישע פּלאַפּלערייען. ער גלייבט נישט. ער וויל פון דעסט־וועגן אַ שמועס טאָן — האָט ער זיך צו העלערן געוואַנדן. ניין. ער דאַרף נישט באַלד ענטפערן. אייגנטלעך האָט ער אים נישט וואָס צו פרעגן. ער וויל אים דערציילן אַ מעשה, דגני, אַ מעשה שהיה...

אין דער נאָך מיטאָג–שעה איז שטיל אין פּרוזדור. דורך די אַראָפּ־געלאָזטע פאָרהאַנגען פאַלט אויף די ווענט פון געררימען חדר אַ גע־דעמפטע שיין. העלער זיצט קעגן דגני. העלערס נטיה צו גלייבן און די אומפּעוונעקייט חושד צו זיין אַ מענטש אין שלעכטע מחשבות, מעשים — האָט אים אויך דאָס מאָל נישט אָפּגעלאָזט.

קלאָר, אַז דגני האָט עפּעס אַ מיין. אָבער דאָס עצם פאַררופן אים אַהער, רעדן דערוועגן, געפעלט אים. רייד קלאָרן אויס זאַכן. שווייגן — יאָגט אָן וואָלקנס פון צער און פאַרדראָס.

אויף די אויגן, דגניס, זיין גראָדער קוק, האָט אים דאָס מאָל אויס־געזען פריילעך־אויפגערעגט. זיין קול — צוטרוילעך–שטיל.

באשר בכן די קליינע איז אי אַ שיין מיידל, אי אַ גוטע פקידה. נישט תמיד פאָרן זיך די צוויי זאַכן.

העלער האָט מיט דער זעלבער צוטרוילעכקייט געענטפערט:

—אויף צעירה איז דאָס נישט חל.

— מעגלעך. איר זיצט דאָך אין נאָענטער שכנות: איר ווייסט בעסער פון מיר.

— לאו דווקא איך. אַלע ווייסן עס. זי איז באמת אַ געראָטענע, די קליינע.

דגניס פּנים האָט זיך צעצויגן אין אַ ברייטן שמייכל:

— אמת, מענער אין אַ באַשטימטן עלטער... ניין. אַט וויל איך אייך טאַקע דערציילן די מעשה שהיה. מיט מיר, מיט מיר האָט געטראָפן מיט אַ וועלכע אַכט, צען יאָר צוריק בעת מיין יערלעכן חופש. אינקאָגניטאָ אַ שיינע, יונגע ברונעטקע פון אַ יאָר אַכט און צוואַנציק האָט זיך צוגעזעצט צו מיין טישל. דעם זעלבן אָוונט זענען מיר אַרויס אויף אַ שפּאַציר אין נאָענטסטן וועלדל נישט ווייט פון האָטעל. פון וואָס רעדט מען? פון אַלץ און פון גאָרנישט. פון אַלץ חוץ דעם וואָס מען וויל און מען ווייסט נישט

ווען און ווי אַזוי אָנצוהייבן. זי האָט געשוויגן. איך האָב גערעדט. זי האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ אויף יאָ. געקוקט אויף מיר מיט אירע לעבעדיקע, אומרויִקע, ברוינע אויגן. „גערעדט״ האָט דער נומער אויף איר רעכטער האַנט.

איז זי דאָ אַליין? האָב איך געפרעגט. זי האָט אין קאַרגע ווערטער געענטפערט:

— „זי איז דאָ מיט אַ מאַמען. איך דערמאָן איר אין טאַטן״.

דעם אמת געזאָגט האָט עס אַ ביסל פּוגע געווען. מחמת מענער... מענער אין אַ באַשטימטן עלטער... ווילן פאַר יונגע מיידלעך שפּילן די ראָל פון יונגע־לייט. — מען שפּילט זיך מיט ווערטער... און מען וואַרעמט זיך די הענט ביים יונגן פייער... אַ יאָ? גוטע. קאַצעט. סעלעקציע — האָט מען פון איר נישט געהערט. זי האָט גראָד גערעדט פון טעאַטער, ביכער, שיינע פילמען, אויספלוגן קיין חוץ־לארץ. פון „דאָרטן״ געדענקט זי ווייניק. נאָר איין פאַל געדענקט זי: אַ קליין מיידעלע איז זי געווען. מען האָט אויף אַ וועגעלע געפירט אַ מת. ער איז געלעגן איבערגעדעקט מיט אַ שוואַרצן פאַלטאָ. עטלעכע מענטשן זענען נאָכגעגאַנגען. פון אונטערן שוואַרצן פאַלטאָ האָט מען אַרויסגעזען די פיס; צוויי טרוקענע, שטאַרע, ווייסע פיס. די מאַמע האָט איר געפירט ביים הענטל. זי האָט נישט געוויינט, די מאַמע. מיט אַ טרוקענער, טרויעריקער שטימע האָט זי איר געזאָגט:

— דאָס איז דיין טאַטע. זי האָט זיך אַ ריס געטאָן פון דער מאַמעס האַנט און צו צום וועגעלע. מיטביידע הענטלעך אָנגעכאַפּט דעם טאַטנס פיס. מען האָט זי געפּרוווט אָפּשטויסן, אָוועקרייסן. ס'האָט נישט געהאָלפן. אָן איינגעקלאַמערטע מיט די הענטלעך אין טאַטנס קאַלטע, שטאַרע פיס איז זי נאָכגעגאַנגען, נאָכגעגאַנגען... און מער געדענקט זי נישט — זי געדענקט נאָר, אַז נאָך דעם האָט זי אויף עטלעכע וואָכן פאַרלוירן ס'לשון. זי האָט געהערט, פאַרשטאַען, וואָס מען רעדט צו איר. ענטפערן — נישט.

אַ סברא, האָט דגני צוגעגעבן, אַז עפּעס פון יענער שטומקייט איז אין איר פאַרבליבן.

העלערן איז דאָך די גאַנצע זאַך נישט אַזוי קלאָר געווען: האָט ער פון אים געוואָלט אַרויסבאַקומען די עטלעכע ווערטער וועגן צעירה און צוליב

דעם דערציילט די מעשה ? צי האָבן די שמועות וועגן אים און צעירה אים דערמאָנט אַן ענלעכער איבערלעבונג, אַן עפּיזאָד, וואָס האָט מיט אים גופא געטראָפן ?

אַ מענטש איז נישט מער, ווי אַ מענטש. צי איז דגני דאָס מאָל עפּעס מער, צי — ווייניקער ? —

אויפן וועג צוריק האָט העלער נאָך אַ מאָל איבערגעטראַכט די זאַך. עס האָט אים דערמאָנט אין אַ באַגעגעניש מיט דגני, ווי איצט אין זיין קאַבינעט, מיט עטלעכע חדשים צוריק.

גאָר אַנדערש האָט זיך עס דעמאָלט אָנגעהויבן.

ער איז אַרויס מיט אַן אָנצוהערעניש : דער עצם איבעררייד פון אַ מנהל הסניף, מיט אַן איש מן השורה איז, קען מען זאָגן : זאָל ער, העלער אַליין אויסטייטשן — לחסד או לשבט. און טאָן טוט ער עס גאָר מיט איין מענטש פון זיינע הונדערט און צוואַנציק מענטשן — מיט טוביה העלער. ער איז אַן אינטעליגענטער מאַן און וועט די זאַך ווי געהעריק אָפּשאַצן. עס האַנדלט זיך אין דעם : זיין התנהגות — אַן עלטערער מענטש, אַ וותיק — איז נישט ווי ס׳באַדאַרף צו זיין. ער האָט נישט קיין חוש פאַר פּראַקטיש־קייט. אַ שאָד. אַ גרויסער שאָד. ער, למשל, דגני, מוז דינען דעם אמת של הסמכות. אַ פּקיד אין זיין מעמד איז מחויב זיך נוהג זיין לויט דעם אמת. ער ווייסט גאַנץ גוט, אַז כאַראַקטער קען מען נישט ענדערן. אָבער התנהגות — יאָ. דאָס איז דאָך — פּרי החינוך. וועמ ס׳וויל טרינקען פון קוואַל — מעין החיים — דאַרף זיך צו אים אַראָפּבייגן. איר זענט נישט באַשאַנקען מיט... נו, ווי זאָל איך עס אייך זאָגן... מיט לעבנס־חכמה. גמישות.

— גמיש, מיינט איר — האָט אים העלער אַרויסגעהאָלפן — גמישות און — גם איש, איז אַ שווערע זאַך.

— אָ, אַ פיינער וואָרטשפּיל. נישט קיין שלעכטע הברקה.

— אַ דאַנק אייך פאַר אייער אָפנהאַרציקייט.

— איך רעד מיט אייך, ווי זאָגן די סאַברעס, דוגרי.

— יאָ. דאָס איז דער עיקר : וואָס אויף דער לונג — אויף דער צונג — זאָגט זיך אַ ווערטל. — איר פאַרשטייט — האָט דגני מיט סמכות אין קול ווייטער גערעדט — אייער אמת, הצדק המוחלט, האָט אַ סדק. מער ווי

איין סדק. ער איז צעהאַלבט, צעבראָכן. שברים. יעדער איינער מיט זיין שטיקל אמת. און איר זוכט דעם גאַנצן — אַ זאַך, וואָס איז נישט בנמצא. אין ים פון האַלבע און שטיקלעך אמתן און גאַנצע שקרים קאָנען אַזעלכע, ווי איר לאַנג נישט האַלטן דעם קאָפּ איבערן וואַסער...

ז

נישט אין ים ווערט מען דערטרונקען, נאָר אין אַ ריטשקע — זאָגט זיך אַ רוסיש ווערטל. באַדאַרפט אפשר דאָ אָנהייבן פון עפּעס אַנדערש — האָט העלער נישט איין מאָל צו זיך געזאָגט. פון בנין–אַרבעט. מושב. פעלד. אפשר קיבוץ. באַדאַרפט די לענג און ברייט פון קליינעם לאַנד מיט די פּיס צעאַקערן: הוד השרון. הגליל. אילת. תמנע. סדום. אַ שווים טאָן אין דער טיף פון גורלדיקע נסיונות מיטן אויפקום פון נייעם לעבן. באַקענען דעם מענטש פון ערד, פון פאַבריק, פון וואַרשטאַט — דעם האַרעפּאַשנע מענטש. פון זיי שטאַמט ער און צו זיי באַדאַרפט גיין. שעפּן די חכמה פון זייערע מסוגלדיקע הענט און זייער פילאָזאָפיע פון קיום. דאָס שטיין מיט ביידע פיס אויף דער ערד — דערהייבט צו העכערער דערקענטעניש.

ער איז נישט קיין אָדלער. — ער איז נישט קיין פויגל. — אַ פלעדער־מויז איז ער. אין מיטן צווישן טאָג־און־נאַכט — אין בין–השמשות פון זיין לעבן — שוועבט ער. דרייט זיך אַרום זיך און — זיצט אויף אַן אָרט. תמיד די זעלבע פּרצופים. די זעלבע דברי הלצה און בטלנות. אומוויכטיקע מעשים. אומוויכטיקע רייד. קליינלעכע, געוויינלעכע ענינים פאַרשלינגען רוב צייט, מוח און כוח. טעג, וואָכן, חדשים און יאָרן — די זעלבע טוונג און תנועות. פויל און פּעטלעך ווערט דער גוף. דער גייסט, דער כוח הדמיון — אָפּגע־טעמפּט, אויסגעקרומט, ווי דער רעכטער אַקסל פון שטענדיקן זיצן אַ געבוי־גענער איבערן טיש פאַפּירן: טעכנישע פּעולות וואָס האַלטן זיך אין איין איבערחזרן מיט אַ שטוינענדיקער פּינקטלעכקייט.

אַ פּנימלאַזע פּקידים–מחנה. און ער איז איינער פון זיי. ער קומט זיך אָפּט אויס, ווי אַ שוישפּילער, אָדער סטאַטיסט, בעת אַן אומגעלונגענעם ספּעקטאַקל. דער „זאַל" איז האַלב–ליידיק. דער עולם געגעצט. אַ דערשלאָ־גענער דרייסטו זיך אויף דער „בינע": אומגעדולדיק וואַרטסטו אויף דער

שעה פון אהיימגיין.

מחמת דאָס „ספּעקטאַקל" ציט זיך לאַנגע יאָרן — איז דאָס „אויפטרעטן" און „אָפּגיין" געוואָרן אַ רגילות.

ניין, נישט דאָס וואָס ער זעט — איז ישראל. ישראל איז אויך נישט דאָס, וואָס זיינע אבות האָבן געזען: „הוד הלבנון, הדר הכרמל והשרון"... אַן אָפּגעגאָסענער פון זון, וואָס קומט אַרויס פון הינטער די אפרים–בערג —איז דער גאַנצער שטח באַזעסן פון יידישע פויערים. יידישע יונגען און מיידלעך מיט ווינטיקע פּנימער און שטייפע מוסקלען. די זומפּן וועלן ווערן אויסגעטרוקנט. די עקאַליפּטוסן ביי די ברעגן פון ירקון וועלן רייניקן די פאַרפעסטעטע לופט. דער ווינט וועט פאַרטראָגן די זוימען פון בלימעלעך און בלעטער־זאַפטן צו די זאַמדיקע מרחקים. די וואַסערן וועלן די בתולה–ערד נאָכגיביקער, ווייכער מאַכן און זי באַפרוכפּערן. ס'וועט זיין, ווי דער רבי האָט געזאָגט: „בישבו בגלעד, בבשן ובנותיה ובכל הלבנון..."

ער, וואָס דאַרף פאַרממשן זייער רצון, מחיה–נפש זיין זייער חלום — זיצט דאָ, נישט פאַרוואַרצלט. אַן אָפּגעבראָכענע צווייג... ניין, ער זיצט אין... אַ שנעלצוג. וווּהין פאָרט ער? וווּהין יאָגט די באַן? אָט, אָט וועט זי פון די רעלסן אַראָפּ, אין אַ תהום אַריינפאַלן. נישט קיין באַן — אויף אַ וואָגן זיצט ער. פאָרט, פאָרט און שטייט אויף אַן אָרט. צוויי פאָר פערד — אמונה און ספק — ציִען אין צוויי היפּוכדיקע כיוונים. נאָך עמעצער זיצט מיט אים אין וואָגן. ער זעט נישט יענעמס פּנים. ער הערט נאָר ס'קול. צוויי קולות פון איין מענטש. די אמונה רעדט צו אים בגוף ראשון, דער ספק — פּייניקט אים בגוף שני...



זינט ער האָט באַקענט צעירהן — כאָטש מחוצן משרד האָבן זיי זיך לעת–עתה נישט געטראָפן — איז ער ביי זיך האָפערדיקער געוואָרן. זי שטעקט אים אָן מיט יונגקייט, מיט רצון צום לעבן. ווי אַ שוואַלב אין אַ נעסט האָט זי זיך באַזעצט אין אים און זינגט מאָרגן–שירה. אַן אָפּקלאַנג, אַן עכאָ, פון פאַרגאַנגענע יאָרן, פון אַ נאָענטן נעכטן וועקט די מאָרגן–שירה אין העלערן אַ געשטאַלט, אַ פּנים — אַזוי יונג און אַזוי שיין ווי זי —

הינדעלע.

ערשט נעכטן איז עס דאַכט זיך געווען.

צירל האָט אָפּגעפּונען אַ וויטן קרוב אין שטוטגאַרט — זעקס שעה מיט דער באַן פון ד. פּ.–לאַגער. אייגנטלעך האָט ער זיי אָפּגעפּונען. זיי מיט בריוו פאַרוואַרפן. ווער איז ער דער קרוב? איז ער אַליין, מיט עמעצען אַ משפּחה, אַ ווייב, קינדער? אַ יונגער מאַן? אַ קאַוואַליער? וואָס וויל ער פון זיי? ער ווינט, שרייבט ער, איינער אַליין. צירל וועט זיך פילן דאָרט, ווי ביי זיך אין שטוב. אויף פאַר דער קליינער וועט מען צוזאַמען אַ טראַכט טאָן. „וועט מען צוזאַמען אַ טראַכט טאָן" — סאַראַ רייד, אַ לשון רבים. ער האָט די בריוו נישט געלייענט. ער זעט אָבער אויף די פּנימער, אַז עפּעס זענען זיי נישט ווי נעכטן און אייערנעכטן. מען סודעט זיך. פאַר וואָס היט מען זיך אויס פון אים מיט אַ וואָרט? פאַר וואָס זאָל ער נישט וויסן ווער דער קרוב איז? אפשר איז ער גאָר אַ ווילד–פרעמדער, וואָס האַלט זיך פאַר אַ קרוב? וואָס טוט ער דאָרט. פון וואַנען קומט צו אים, אוודאי אַ געראַטעוועטער ווי אַלע דאַ, אַ גרויסע דירה אין שטוטגאַרט?

מען זיצט שוין העכער אַ יאָר אויף די וואַליזעס. מען לעבט פון „אונראַ", „דזשאָינט". די טויערן פון לאַנד זענען דערווייל פאַרשלאָסן. איין שיף מעפּילים האָט מען אומגעקערט קיין האַמבורג. פון די ישראל–ברעגן צוריק אויף דייטשישער ערד. שיפן מיט יידישע פּליטים אויף די וואַסערן ביים האַמבורגער פּאָרט. עטלעכע הונדערט יונגע-לייט האָבן זיך געלאָזט קיין האַמבורג מוטיקן ס׳קעגנשטעלן זיך פון די פּליטים: נישט פאַרלאָזן די שיף. אויך ער, העלער, איז געווען צווישן זיי.

אויפן ברעג פון פּאָרט איז ער געשטאַנען און אַ געדאַנקען–בליק האָט, ווי אַ מעווע מיט שאַרפן פלי, אַ שניט געטאָן זיין זכרון:

„ביי די טייכן פון בבל זענען מיר געזעסן און געוויינט און געדענקט אין ציון". שיפן מיט פּליטים — אויף ציפּערן.

ער וואַרט אויף אַ לעגאַלע עליה.

וואַסער איילעניש אויף זיי? פאַר וואָס עפּעס אַן אים? פאַר וואָס זאָל

מען אים די זאַך נישט אויפקלערן.

— טוב שכן קרוב מאח רחוק — האָט ער איין מאָל אַ זאָג געטאָן צירלען — און ער איז דאָך נישט סתם אַ „שכן קרוב״...

— טאַקע דערפאַר. אונדזער פריינדשאַפט פירט נישט צו קיין תכלית. זי וויל נישט זיין דער גורם פון זיין אַלט־בחורשאַפט. דאָס גלייכן — הינ־דעלע.ביידע — קרבנות פון געוווינשאַפט, וואָס ווערט ביי אַ מענטש די צווייטע נאַטור.

צום ערשטן מאָל זייט העכער אַ יאָר הערט ער פון צירלען אַזעלכע ווערטער.

הינדעלע האָט דעם באַשלוס אָוועקפאָרן אויפגענומען אָן אַ ניין און אָן אַ יאָ. געטאָן האָט זי עס מסתמא מיטן פאַרגעפּיל פון אַ יונג מיידלהאַרץ, וואָס פילט זאַכן מער ווי זי פאַרשטייט.

פריִער קומט דער בליץ. נאָך דעם — דער דונער. נאָך מאַמע און טאַטעס בליץ–אָפּפאָר, האָט אַ לאַנג־געקייטלט דונערן — זכרונות און בענקשאַפט — זיך געטראָגן איבער זיין קאָפּ. שווערער ווי תמיד איז אים געוועזן די אַליינקייט. די ליידיקייט האָט געררוישט, ווי אַ נעסט פון קראַנקע שוואַלבן. די גאַס, די דייטשישע, וואָס האָט אים פריִער גערייצט און גע־עקלט, האָט אַצינד געוועקט אין אים — טומאה. לאַנגע שעהען האָט ער זיך געדרייט דרויסנדיק פון שטוב, ווו ר׳איז געווען אַזאַ אָפּטער איינגייער. קיינער האָט דאָרט נישט געוווינט. אַ שלאָס איז געהאָנגען אויף דער טיר. אים איז אויסגעקומען, אַז אינעווייניק, הינטערן שלאָס, זענען געבליבן אַלע זיינע אָפּגעגאַנגענע יאָרן. אפשר אויך די יאָרן, וואָס אים איז באַשערט צו לעבן.

די פיר ליידיקע ווענט פון זיין „ווינונג״, דער אַלקער האָבן אים אויף לאַנגע שעהען איינגעשלונגען און אויסגעשפּיגן. קיין אַרבעט איז נישט געווען. מען האָט נישט געוואָלט, נישט באַדאַרפט אַרבעטן. דאָס לעבן אויף פרעמדע „קעסט״, ס׳געצוווּנגענע גאָרנישט טאָן האָט געפייניקט די נשמה און געבונדן די הענט. ער האָט, וואָס אָן אמת, דערהאַלטן בריוו. נאָך יעדן בריוו איז ער שטיינגעבליבן, ווי אַ באַקעטער אונטער אַ טוש : ס׳שטראָ־מט, אין אומבייט, הייס און קאַלט וואַסער.

לאַנגע חדשים פון יאוש, שפלות־רוח און גלייכגילט. אַ גלייכגילט און אַ לאַנגווייל פון אַ מאַן אין דעם עלטער, וואָס שפּירט ס׳אַריינדרינגען אין אים די שווידערלעכע מחשבה — זקנה. אמת — פריִע זקנה, אָבער — שוין נישט יונג. ביי יונגע מענטשן איז יעדער טאָג אַ נייער, אָפענער. ביי עלטערע — אָפּגעשלאָסענער, פאַרזיגלטער קרייז. די האָריזאָנטן — שמעלער, טונקעלער. קוקסט דורכן „פענצטערל" פון בדידות: זעסט, ווי די שיף פון לעבן דערווייטערט זיך פון ברעג.

און פּלוצעם — אַ טעלעגראַמע;

„קום צופאָרן. איך קאָן נישט שטאַרבן און דיך נישט זען. צירל".

אַ ווייטיק, אַ נסתרער פּחד, ווי אַ שטיל גראַבלען פון מייזלעך אונטער אַ דיל, האָט געקרוישלאָזט זיך דערטראָגן צו די ווענטלעך פון זיין האַרץ.

שיינע צירל.

פון אַ פינצטערן אומגעזעענעם תהום האָבן אָנגעיאָגט קילע ווינטלעך. אַ פייער האָבן די ווינטלעך צעבלאָזן. ליבשאַפט. לעצטע, טרויעריק־שיינע ליבשאַפט פון אַ פרוי אין האַרבסט. אַ וווּנדערלעכער קאַלירנשפּיל פון ליכט און שאָטן אויפן שיינעם האַלדז פון צירלען. אין די אויגן — אָפּגלאַנץ פון אַן אויסגייענדיקן אָקטאָבער־טאָג. און ער האָט נישט פאַרשטאַנען, נישט מסוגל געווען צו לייענען די „שריפט" פון די האַלבע און גאַנצע קנייטשעלעך אויף איר שטערן, האַלדז. שניטן, ווי שלאַנגען, ווערעמלעך וואָס עסן לעבעדיקערהייט די הויט.

פאַר וואָס האָט ער איר געלאָזט פאָרן?

פאַר וואָס האָט ער געשוויגן?

באַדאַרפט איר זאָגן: איך האָב דיך ליב. דאָ וועלן מיר אַ חופּה שטעלן. אָוועקפאָרן פון דאַנען. אויפבויען אַ היים. הינדעלע וועט האָבן אַ טאַטן. יאָ. אַ טאַטן. שיינע צירל.

אַ שטילע מלחמה האָסטו געפירט מיט צוויי היפּוכדיקע כוחות — רצון און נטיה. צומערשט האָט די אויבערהאַנט געהאַט די נטיה. אַז דער רצון האָט גובר געווען — ביסטו אָוועקגעפאָרן. פאַרלאָזט דעם ווענען דיין האַרץ האָט געליבט.

פאַר וואָס האָב איך איר געלאָזט פאָרן.

ווי אַ נאָכמיטאָג־זון, אַ קילע, מילדע, וואַרעמע, נעמט אַרום אַ בוים אַן איינזאַמען אין פעלד — האָט זי אים אַרומגענומען מיט זאָרג און מיט לייטזעליקייט. שטיל געליבט. שטיל געליטן. אויף די מוטערלעכע דאגה פאַרן גורל פון אונטערוואָקסנדיקן מיידעלע — צוויי פרויען מיט אַ פרעמדן מאַן אין איין שטוב — האָט זי אין פאַרבאָרגעניש איבערגעטראָגן. אוודאי האָט זי געזען — האָט זי דען געקאָנט נישט־זען ? — אַז אויך הינדעלע האָט אַ חלק... איז אַ גורם...

זי האָט געשלונגען די קנאה־טאַבלעטן און געזען: הינדעלע ווערט שיין און שענער. אַ געוויקסיקע. אַ יונג־פרוילעכע באַנעמונג (ביי ווענען זי האָט זיך דאָס אויסגעלערנט — אסור צי זי ווייסט) איז דען פאַראַן אַ בעסערער נחת פאַר אַ מאַמען, אַ פרוי וואָס האָט מער ווי אַ העלפט פון איר לעבן איבערגעשפּאַנט — צוקוקן זיך צום וואַקסן און ווערן פון אַ קינד — אַ מיידעלע. פון אַ מיידעלע — אַ פרוי ? — האָט זי אים איין מאָל געזאָגט.

ער האָט באַשיימפּערלעך געזען, ווי דער מאַמע־חוש שפּירט הינדעלעס שענער און רייפער ווערן. אין איר אַנגעשטאָכן האַרץ פון ליבשאַפט און קנאה, געפינט זי דאָך אַ טרייסט: — ביידע, זי און הינדעלע, גיבן אים דאָס וואָס אים פעלט — אַ היים.

ח

אַ וואָך פאַר פסח. דער שעף דאַרף אַ ליאַדע טאָג זיך אַ ווייז טאָן. מען האַלט ריין די טישן. מ'ליידיקט אויס די שופלעדער. מ'וואַרפט אין די קוישן די איבעריקע פּאַפּירן. מען סדרט איין די קאַרטאָטעקן אויף די פּאַ־ליצעס. דגני ווייזט זיך אָפּטער אין די חדרים. שמייכלט:

— מה נשמע ?

— בסדר.

בעתן ביקור זיצן אַלע אויף די ערטער. מיט ערנסטע, באַשעפטיקטע פּנימער קוקט מען אין די פּאַפּירן וואָס אויפן טיש. שטיל אין פּרוזדור. מען הערט נישט קיין עפּענען, פאַרמאַכן פון טירן. קיין רייד. קיין געלעכטערס.

זיי קומען. זיי גייען.

דער ערשטער — דער שעף. אַ האַלבן טראָט הינטער אים — דגני.

אַ ברייטער שמייכל. אויך די פּנים–קנייטשן שיינען אַראָפּ צופרידענע. דגני הערט, ווי אַלע ענטפערן „בסדר״. אַקוראַט, ווי מען האָט אים געענטפערט מיט עטלעכע טעג צוריק. ס׳טוט אים הנאה. זאָל ער זען, דער שעף, אַז מ׳קאָן זיך אויף אים פאַרלאָזן.

מר דגני ווייסט, אַז דאָס גיכע, גלאַטיקע ענטפערן „בסדר״ — איז נישט בסדר. אַן אַלטע טענה הערט ער אין דעם וואָרט — בסדר. מיר האָבן נישט פאַרגעסן... אלא מאי ? די אָרנטלעכקייט איז מחייב שווייגן. דער שעף איז אַן עלטערער מאַן. זיין לשון — אַ צוריקגעהאַלטנס, אַזוי ווי זיינע תנו־עות, דער גאַנג זיינער. דער קוק פון הינטער זיינע ברילן איז אַ דורכדרינג־גלעכער. ער רעדט וווייניק, דער מנכ״ל. ווייניק און קורץ — „לענין״. ער הערט. פרעגט איבער. לאָזט נישט קיין סך צייט אויף ענטפערן. טרעפט טאַקע, אַז ס׳לשון ווערט אָפּגעהאַקט.

אַזוי איז געשען מיט העלערן.

ביי די ערשטע ווערטער האָט אים דער שעף אין אַ שטילן, כמעט חברישן טאָן, אַ זאָג געטאָן:

— דער ביקור איז אַ קורצער. אויב ווילט איר רעדן איז — לענין.

ער האָט נישט געוואָרט אויף העלערס ענטפער. געגאַנגען צו אַ צווייטן טיש, צו אַ דריטן. דערלאַנגט די האַנט. געוווּנטשן אַ גוט־יאָר. אַ פריילעכן יום–טוב. דגני גייט נאָך זיינע פוסטריט. נאָענט גייט ער און האַלט זיך פון דער ווייטנס. נייגט צו זיין אויער צום שעפס מויל. פּאַטאַקעוועט אים. שמייכלט.

די וואָרט–קאַרגשאַפט פון שעף איז אָפט איבערגעגאַנגען אין אַ שאָטן פון אַ קלוג שמייכעלע הינטערן גראָען וואָנס. ס׳האָט באַדאַרפט הייסן:

— אַ שאָד די רייד. זהו זה. טאַטשקאַ.

דער מנכ״ל האָט ליב צו באַנוצן ס׳רוסישע וואָרט. דער איינציקער סימן, אַז האָסט צו טאָן מיט אַ וותיק און אַ סאָציאַליסט. אַ ליבעראַל, אַ פּראָגרעסיוון מענטש. מען האָט טאַקע דערציילט, אַז ער איז אין די „הויכע פענצטער״ אַ בן–בית סיי אין די רעכטע און סיי אין די לינקע קרייזן.

ער רעדט מער מיט די ליפּן, ווי מיטן מויל. באַטאָנט די ווערטער אַן אַן איבעריקן באַוועג פון די פּנים–מוסקלען. בקפּידה, געאָרדנט, ווי ס׳ליגט

אויף אים דער גראָער אָנצוג, דער ווייסער קאָלנער, דער באָרדאָ־קראַוואַט — זענען זיינע ווייניקע ווערטער.

נישט מעגלעך, האָט העלער געזאָגט צו זיך, אַז אַזאַ איינער, אַ בקי אין מינהל, אין יחסי אנוש זאָל נישט זיין קיין מבין... נישט כאַפּן זיך, וואָס דאָ קומט פאָר.

אפשר ווייסט ער יאָ. צאָלט אָפּ מיט דער זעלבער מטבע: אָנשטעל. טראַכט זיך:

— אַז אייך איז ניחא — איז מיר נוח.

צוויי מאָל אין יאָר — געגנוג. אַ מנכ״ל איז אַ באַשעפטיקטער מענטש. ישיבות און ראַפּאָרטן. מ׳דאַרף אַריינקוקן אין דיני־וחשבונות, דיאַגראַמעס, בריוו, ווענדונגען. מנכ״ל איז אויך אַן אַדרעס פאַר אינסטאַנצן, אינסטי־טוציעס, פינאַנסן־חברות מחוצן מוסד. אמת, ער האָט וויצע־שעפן. אָבער יעדער איינער אויף זיין געביט. און מען איז דאָך נישט מער ווי אַ מענטש. ער ווייסט, דער מנכ״ל: אנשי שררה האָבן נישט קיין גוטן שם: „מ׳וווינט אין לוקסוס־הייזער. מען פאָרט אין לימוזינעס. קיין חוץ־לאָרץ פאָרט מען. אויף וועמעס חשבון ?״

אַזעלכע שמועות — ווייסט ער — זענען אויך ס׳טעגלעכע ברויט פון די אנשי שורה. ווי דער שטייגער „קויפט״ מען און מען „פאַרקויפט״ מיט קלענערע און גרעסערע „פאַרדינסטלעך״. —

דעם טאָג פון מנכ״לס ביקור, וואָס האָט נאָך זיך געלאָזט אַ סך שמועות, רייד — אין העלער, נישט ווי אַלע טעג, אַהיימגעגאַנגען. אָפּגעגעסן מיטאָג אין דערבייאיקן רעסטאָראַנדל — האָט ער געמאַכט אַ שפּאַציר אין שטאָט אַריין.

ערב־ימים־נוראים־וועטער. קילע ווינטלעך. אַ גלאַשענע היץ און אַ ריח, ווי אַ מאָל אין דער היים — גאָלדענער האַרבסט. עס האָבן נאָר געפעלט די גאָלדיק־געלע בלעטער, וואָס האָבן זיך געוואַלגערט אונטער די פיס, אַ לייכט רעגנדל.

זיך צוגעוווינט צום היגן קלימאַט. די־אַ טעג זענען דאָ די שענסטע אין יאָר.

צוויי גאַסן פירן פון משרד אין שטאָט אַריין. ער גייט צופוס. ווי גיך

די שטאָט האָט זיך צעוואַקסן, זאָגט ער צו זיך: ברייטע טראָטואַרן, געדיכטע, צעצווייגטעביימער: הויכע, ווייסע הייזער. עטלעכע גאָר הויכע בנינים, „וואָלקנקראַצערס״, „מגדל שלום״, „בית־האיכרים״, „בית־היהלומים״. נייע געבייען, הויכע, הייבן זיך אַריבער בנינים פון די ניי־אויפגעבויטע גאַסן, אַלעען רחבותדיקע אַספאַלטענע כבישים. זון און שאָטן. שיטערע וואָלקנדלעך אויף אַ בלויען הימל.

ערשט מיט אַנדערהאַלבן צענטליק יאָר צוריק זענען דאָ געווען פּרדסים, ליידיקע פּלעצער, ווילדגעוויקס, לעבעדיקער צעפּ פון געדיכטע, ווילדע סאַבּרע־ביימלעך. אין די פרילינגען, בעתן בליִען, מיניען די רויע פּירות מיט אַ יונג־האַריקן גאָלד־קאָליר. זומער גיבן די בלעטערקעפּ אַרויס פון זיך שאַרפע נאָדעלעך. זייער גרינע הויט ווערט באַדעקט מיט שטעכלקעס. דער רויטלעכער גלאַנץ גיט אַרויס פון זיך אַ ריח פון רייפער, זיסער פרוכט — רוי און באַטעמט.

מען זעט אַצינד וויניק דעם סיקאָמער (שקמה): דעם אַלטן בוים, דעם היגן, וואָס מען זעט אויף די וועגן צווישן די יונג־אויפגעבויטע שטעט און אַראַבישע דערפער; דער תמיד גרינער בוים אין נידערלאַנד פון מדבר און צפון־נגב; זיין שמעקעדיקע אַקאַציע; די יינגע פרוכט — ווי קליינע פייגן, גרינלעך־רויטע — איז אַזוי אָפט געווען אַ דערקוויקונג פאַרן איינזאַמען וואַנדערער. אַ שאָטן האָבן די צווייגן און בלעטער געשפּרייט פאַר אים, און נאַרונג פאַר זיין הונגעריקן גומען. דעמאָלט, מיט קנאַפּע צוויי צענטליק יאָר צוריק זענען קיין גאַסן נישט געווען. איינציקע, קליינע הייזקעס זענען צעשטעלט געווען און צווישן זיי, לענג־אויס האָט זיך אַ שמאָל כבישל געצויגן. פון ביידע זייטן כביש פון דינעם אַספאַלט — טיפע שיפּוע־ראָוון. די שלאַקס־רעגנס אין די וויניקע ווינטער־חדשים האָבן די ראָוון נאָך טיפער געמאַכט. מיטגעשלעפּט שטיקער ליימיקן באָדן. געלאָזט גריבער און לעכער. וואַסער־קאַלוזשעס האָבן זיך געזאַמלט, פאַרגאָסן די פּלאַכע ערטער.

אַנהייב נייַנצן פופציק האָבן בולדאָזערס, גראַבמאַשינען מיט שווערע „מאַק״־רעדער דעם באָדן אויסגעגלייכט. חדשים לאַנג האָבן לאַסט־אויטאָס, וועגענער געפירט זשוויר, כורכר, קאַלך און צעמענט. אָפּגעשניטן, אויס־

געגלייכט די בערגיקע ערטער — זאַמד־אַניאַג און שטיינער — און לאַנגע הייזער־בלאָקן, איין און צווישטאָקיקע געשטעלט. אין איילעניש געגאָסן װענט, דעכער —— שיכּונים פאַר נייע עולים, וואָס האָבן געשטראַמט אַהער פון אַלע װעלטווינקלען.

צוריק אַהיים איז העלער געגאַנגען דורכן סקוועער און שטאַטישן גאָרטן. שפּעטע נאָכמיטאָג־שעה. אַצינד און אין די אינדערפרי־שעהען טרעפט מען אַ סך יונגע ווייבלעך מיט קינדער־װעגעלעך. שוואַנגער־פרויען. ער האָט ליב צו זען די פרויען מיט די בייכער־גלאָבוסן אין זייער שווערלעך־וואַקלענדיקן גאַנג. פון זייערע צעעפנטע אויגן קוקט אַרויס דער װוּנדער פון נייע וועלטן, וואָס באַוועגן זיך אונטער זייערע ריפּן. עס שפּיגלט זיך אין זיי די פרייד — ווי די זון אין וואַסער־טראָפּנס — פון ערב־געבוירן. אויפגעלעבטע פּנימער. זאַנפטיקע ליפּן. עס שלאָגט פון זיי אַ ריח. ווי פון כּוסות וויין.

אויך זקנים זעט מען דאָ. זיי זיצן אין האַלבע רונדן, שורותווייז, אויף די בענק. גראָע קעפּ. געקנייטשטע פּנימער. וואַרפן אָפּ מיט די שטאַרע, ביינעקע הענט קרישקעלעך פאַר פייגעלעך און טויבן. טשאַטעסווייז פליִען זיי אָן, די טויבן. לאָזן זיך אַראָפּ מיט האַסטיקן, שאַרפן פליגלפאָך. נאָענט ביי די פיס פון די זקנים פּיקן זיי די אָנגעוואָרפענע קרישקעלעך. האָפּסלען אָפּ מיט די רויטע, דינע פיסלעך. קוקן פון דער ווייטנס מיט די אַרבעס־אייגעלעך אויף די הענט פון וואַנען די קרישקעלעך פאַלן. שפּרינגען צו. אַ פּיק און אַוועק.

אין די מאָרגן־שעהען און אין די פאַרנאַכטן זיצן זיי דאָ, די אַלטע לייט, אָפּט פאַרקוקטע אין זונאויפגאַנג און זונפאַרגאַנג. שמייכלען צו אַ קינד. וואַרפן פאַרטייעטע בליקן אויפן „שיינעם מין”. אַ צוריקבליק, אַ שמייכל פון אַזאַ איינער — דערפרייט דאָס האַרץ, וועקט די בלוטן, די פאַרגלי־ווערטע און שטעקט זיי אָן מיט אַ יונגן, זיסן שוידער.

העלער האָט ליב די מענטשן, די גאַסן, דיביימער, דאָס לאַנד. ער האָט ליב דאָס לעבן וואָס געדייעט דאָ פאַר זיינע אויגן: די קינדער, דעם נאָכ־וווּקס, די זקנים.

נאָר איינעם, איין־און־איינציקן, אַ נאָענטן, אייגענעם האָט ער נישט ליב — זיך אַליין.

ווער ווייסט דעם סוד פון זיין לעבן — ווי אַ ווונד פון באַנדאַזשן — אויסוויקלען: דאָס לעבן פון אַן אַלטן בחור און יונגן — זקן, וואָס וויל גע־דייען, ווי די–אַ אַלע, וואָס ער זעט דאָ?

אַ דאָפּלט–פּאָדעם, אַ צווייפּאַרביקער — ווייס און שוואַרץ, פאַרפלאָכטן איינס אין צווייטן — איז ס׳געוועב פון זיין לעבן. צעקריגטע פאַרקניפּט־שאַפט פון דער מאַמעס אמונה און בטחון און טאַטנס פּעסימיזם און פילאַ־זאָפיע פון קיום.

און אפשר איז דאָס דער קליי צו די באַרשטן: דעם שוואַרצן יאַנקלס באַרשטן, פענדזלס, וואָס די מאַמע האָט געהאָלפן אויסאַרבעטן, פאַרקויפן און איינקויפן זיך אַ שם אין גאַנץ מעזריטש?



צוויי מאָל אין יאָר געגרייט זיך און קיין איין מאָל נישט גערעדט מיטן מנכ״ל. העלער איז זיך נישט מיאש. ער׳ט זיך ווענדן צום סמנכ״ל (וויצע שעף) — מר גנני. געוואַנדן האָט ער זיך „בכתב" מחמת די סעקרעטאַרין נעמט נישט אָן קיין מינדעלעכע ווענדונגען.

אַראָפּגעקומען פון ירושלים, האָט גנני, ווי ס׳פּירט זיך, אָפּגעשטעקט אַ וויזיט ביי דגני. צוויי טעמים האָט ער דערביי: רעדן מיט אַ פּקיד פון נידעריקן ראַנג אָנעם וויסן פון מנהל איז פּוגע אינעם כבוד און מעמד פון ביידע...

ער וויל וויסן, דער סמנכ״ל, פון מקור הראשון אין וואָס עס גייט: צי איז בכלל דאָ פון וואָס צו רעדן.

גנני, אַ מאַן אין די מיטעלע יאָרן, פון מיטעלן וווקס, האָט זיך קונה שם געווען מיט אַ צונאָמען — הרזה, דער „מאָגערער". זיינע ביקורים אין די סניפים הייבן זיך אָן מיט אַן „אָפיציעלן" טייל — כיבוד קל. דער „מקור ראשון" שאַצט, ווי געהעריק אָפּ די עס–טעטיקייט... פון בכובדיקן גאַסט. ער באַשטעלט אין דערבייִיקן רעסטאַראַנדל מאכלים, וואָס דער בעל–הרעסטאַראַן געדענקט פון אויסנווייניק: געהאַקטע לעבערלעך, פּופּיקלעך, געגנדזענעם וווּרשט, שווייצער–קעז און אַ מין סאַלאַט פון זויערקרויט, איילבירטן, בוראַ־טשקעס, האַרבע פעפערלעך, און אוגערקעס. פאַרשטייט זיך — אויך אַ

לייכטן טרונק: אַ ביר, קאַקאַקאָלאַ, אַ זיסן גזוז.

נאָכן „אַפּיציעלן טייל" נעמט מען זיך צו עניני־דיומא. וואָס אַן אמת ווערט נאָך דעם „כיבוד קל" שווערער ס׳זיצן פון גנבי. די מידקייט שלאָגט אין קאָפּ אַריין, פאַרנעפּלט די חושים און דעם בליק הינטער די ברילן מיט דאָפּלטע אויגנגלעזער.

די קורציכטיקייט יאָגט אויף אים אַן אַ דרימל. ער דאַרף וואָס פריער זיין אין ירושלים. די צייט איז קורץ און ער פירט אַליין דעם לאַרק. מ׳מוז אויפהאַלטן ס׳ביסל וואַכזאַמקייט. ער איז נישט היינט דער אריה גנבי, וואָס מיט העכער דרייסיק יאָר צוריק, אַ יונגער בחור מיט אַ בלאָנדער טשופּרינע. רב־סמל אין דער באַפרייונגס־מלחמה. געהערט צו די „חיות הנגב". הינטער לאַטרון געכאַפּט אַ קוילן־סעריע אין לינקן פוס. אַרויס פון שפּיטאָל אויף צוויי קוליעס. נאָך דעם — מיט אַ שטעקן. געבליבן אַן אינוואַליד.

אַראָפּגעוואָרפן די מיליטער־קליידער און אַריין אין ווייסן קאָלנער. אַ סאַברע. שטומפּיק אויף פרעמדע לשונות. האָט קנאַפּע ידיעות אין מנהל און מדע־החברה.

בשעת דער מלחמה האָט ער אין זיין חתיבה געהאַט עטלעכע נייע עולים. גלייך פון דער שיף מאָביליזירט געוואָרן און געשיקט אויפן פראָנט. כמעט אַלע האָבן דעם רב־סמל פאַרוואָרפן מיט קראַנקן־צעטלען.

מיט אומוויסיקע, תמימותדיקע אויגן האָט ער געקוקט אויף דער לאַטיי־נישער שריפט. נישט געוווסט וואָס צו טאָן. קיין סך צייט איז נישט געווען. האָט ער צונויפגענומען אַלע צעטעלעך פון די מאָביליזירטע עולים־חיילים, אַרויס דרויסנדיק פון אהל אַנגעריבן אַ שוועבעלע און איינס און איינס זיי געוואָרפן אין פייער אַריין.

מיט דער לייכטקייט, וואָס די לאַטיינישע אותיות זענען אַוועק מיטן ווינט, איז דער רב סמל אַריבער דעם גורל פון די קראַנקע־מאָביליזירטע: בחורים, באַווייבטע און טאַטעס פון קינדער. אַ סך זענען נישט צוריק־געקומען. געפאַלן פאַרן לאַנד, וואָס זיי האָבן נישט באַוויזן צו באַטרעטן מיט די אייגענע פיס. אייניקע זענען לעבן געבליבן. נישט ווייניק — אַהיים־געקומען קאַליקעס.

לשבת דעם רב סמל דאָרף געזאָגט ווערן: אַ ביסל מיליטערישע טאָפּאָ־גראַפיע אויף אַ קורצן קורס פון סמלים האָט ער יאָ געלערנט.

ט

עטלעכע מינוט פאַרן לאָזן זיך צוריק אין וועג אַריין האָט גנני זיך דערמאָנט נאָך וואָס ער איז געקומען. ער איז אַריין צו העלערן אין חדר, ער איז פלינק אַריינגעקומען, פלינק אַוועקגעזעצט זיך, אַ ביסל צו פלינק פאַר אַזאַ שווערגופיקן, קורצזיכטיקן מענטש. העלערן איז עס גראָד געפעלן געוואָרן. אַ גוטע שטימונג. ער וועט אים אויסהערן. ער האָט אים מכבד געווען מיט אַ ברייטן „ברוך הבא". געפרעגט צי וויל ער אַ קאַפע, צי אַ טיי. ניין. ער יאָגט זיך. זיין צייט איז באַגרענעצט. ער בעט אים מאַכן עס בקיצור.

העלער האָט אָנגעהויבן:

— אַזוי און אַזוי, היתכן?

גנניס פנים, זעט ער, ווערט אומגעדולדיק. ער הערט יאָ און הערט נישט וואָס מען רעדט צו אים. און אפשר האָט ער שוין אָנגעגרייט דעם ענטפער? מאָלע וואָס זיי האָבן דאָרט צווישן זיך אָפּגעמאַכט. העלער מערקט, אַז זיינע ווערטער קלעפּן זיך צו גנני, ווי וואַסער־טראָפּנס צו פעדערן פון אַ גאַנדז.

יענער נעמט איטלעכס מאָל אַראָפּ די אויגן־גלעזער. ווישט זיי אויס מיט די פינגער און טוט זיי צוריק אָן. רעדט גיך:

— בקיצור. בקיצור. צו אייער ענין.

— עס האַנדלט זיך נישט אין מיין פערזאָן — פּרוּווט העלער זיך פאַרענטפערן — עס גייט גאָר אין עפּעס אַנדערש... כ'מיין ווי אַזוי מען איז זיך נוהג... מען איז זיך מטפל מיט אַן ענין... ס'הייסט...

— געהערט. געהערט

— יאָ. נו? עס גייט אין דעם, וואָס די אחריות פאַלט דאָך אויפן מנהל הסניף: הייבט אויף ס'קול.. ברוגזט זיך... און בכלל...

אַ סבראַ, אַז ערגעצוווּ אין אַ ווינקל פון גנניס מוח זענען יאָ געבליבן שטעקן זיינע לעצטע ווערטער. העלער האָט עס דערקענט אינעם זשמורע פון סמנכל"ס אייגעלעך. אין זיין פּלוצימדיקער אויפגעוואַכטקייט. גנני האָט

פאַרצויגן אַ סיגאַרעטל. צוגערוקט ס׳שאַכטל צו העלערן:

— תתכבד.

— אַ דאַנק. כ׳רויכער נישט.

גנני האָט געבלאָזן די געדיכטע רויכן. אָפּגעשאָקלט דאָס אַש אין ליידיקן טייגלאָז אויפן טיש. געפרעגט:

— זה הכל?

— ניין. סליחה. כ׳זע איר איילט זיך.

— נכון. כ׳אייל זיך — האָט ער אַ קוק געטאָן אויפן האַנט־זייגערל

— אני מצטער מאוד. מאוד מצטער.

העלער איז אַנטשוויגן געוואָרן.

גנני האָט געמאַכט אַ תנועה פון איינעם, וואָס וויל זיך אויפהייבן און גיין. אין אַזאַ פּויזע איז ער, תוך כדי דיבור, שטיין־געבליבן קעגן העלערן. ער איז אַרויס מיט לשון:

— איר דאַרפט צוימען אַ ביסל די צונג, אדון העלער. באַמת אייך נישט אַרויסברענגען אים פון גערולד. שאַנעוועט אייער און זיין כבוד...

— וואָס הייסט? ס׳גייט דען אין פּערזענלעכן כבוד? ס׳האַנדלט זיך דאָך אין כבוד, אין גוטן נאָמען פון מוסד און נישט פון עפּעס אַ...

— נישט „קיין עפּעס אַ" — פון אייער מנהל רעדט זיך דאָ. און פאַרן גוטן נאָמען פון מוסד איז דאָ ווער ס׳זאָל זאָרגן. איר דאַרפט טאָן הכל המוטל עליך. זהו.

גנני האָט אַ לאָז געטאָן אַ געדיכטן רויכוואָלקן צווישן אים און העלערן.

— מיר מוסר זאָגן זענט איר אַראָפּגעקומען אַזש פון ירושלים?

— נישט קיין מוסר. איר כאַפּט זיך פּשוט נישט אין וואָס עס גייט.

— מעגלעך.

— נישט מעגלעך. זיכער. ער איז אייער מנהל.

— איך ווייס עס.

דער סמנכ״ל האָט געשוויגן.

העלער האָט בשעת מעשה צייט געהאַט זיך איינקוקן אין פּנים, וואָס קעגן אים. איידער דאָס פּנים איז געוואָרן שטרענג־ערנסט, האָט עס נישט אָן באַהאַלטענער הנאה זיך גוט איינגעהערט אין זיינע ערשטע ווערטער

אויפן חשבון פון מנהל.

בטבע איז העלער אַ מענטש, וואָס איין גוטער זשעסט, אַ גוט וואָרט פון אַן אומפריינד קען אָפּט אַרויסרופן ביי אים אַ געפיל פון נאָענטקייט. די וואָלקנס אומצוטרוי ווערן צעטריבן מיט דער גיכקייט, וואָס זיי זענען פריִער אָנגעיאָגט געוואָרן צוליב אַ פאַרקערטע סיבה. זענען דאָס, אייגנטלעך, צוויי קעגנזעצלעכע עלעמענטן פון איין סגולה: די אומפעיִקייט צו דער־גרונטעוועון זיך צו דער סיבה פון פאַקט, און — די נטיה צו פאַרגעסן מחמת ליבע צום מענטש באשר הוא אדם.

אַ געפיל פון דערלייכטערונג האָט העלער פּלוצעם דערשפּירט אין יענע רגעס, ברוכטיילן פון רגעס, בשעת אים האָט זיך אויסגעוויזן, אַז גנני נעמט אויף זיינע טענות.

נאָך דאָ פון דעסטוועגן אַן אויער, וואָס איז גרייט צו הערן — האָט העלער צו זיך געזאָגט. די אויפהעלונג איז אָבער תיכף פאַרטונקלט געוואָרן. דעם סמנכ״לס אייגעלעך האָבן ווידער אַ זשמורע געטאָן. גאָר אַן אַנדער גלאַנץ האָט זיך געזען: הינטער זיינע אויגן־גלעזער. אַ פּקחותדיק, הפקרדיק גלענצל. אַזוי זשמורען די אויגן פון „גוטע פריינד״ בעת זיי כאַפּן סייסמאָ־גראַפיש אויף ידיעלעך, פאַלשע רייד איינע אויף די אַנדערע. אָט דאָס גלענצל, דאָס קוקעלע זענען אָפּט איניציאַטאָרן פון מסירהלעך...

ניין. נישט ביי העלערן. ביי העלערן האָט עס אַרויסגערופן אַ ווידער־ווילן, אַ גועל־נפש און — אַ ביטערע אַנטוישונג. ניין. צום עצם ענין — אויפריכטיק אויפנעמען אויפריכטיקע רייד — האָט עס נישט. פאַרקערט, עס איז דער היפוך פון דעם, וואָס ער האָט געמיינט. נישט אַנדערש: ער זוכט, גנני, אַ רכילותל, אַדער אַ פעלער, וואָס יענער איז באַגאַנגען. אַ, דעמאָלט וועט ער אַ קוועטש טאָן. אַ דריק טאָן אויף דעם ביי וועמען ער האָט אָקערשט געפּראַוועט די סעודה. מסתמא אויך פאַרוואָרפן זיך מיט הלצהלעך, געקלעפּלט זיך גוטברודעריש אין דער פּלייצע.

אַ בייטש דאַרף מען און נישט מער. אַ בייטש אויף אַרויסשלאָגן אַ טובהלע, פערזענלעכן נוצן און טאָקע אויך. ווי זאָגט מען עס — נישט באַרויבן זיך פון דער הנאה פון אונטערשטעלן אַ פיסל אַ ידיד.

ערשט נאָך דעם, ווי גנני איז אַרויס — האָט ער, העלער, זיך געכאַפּט אין וואָס עס גייט. ווי האָט ער געזאָגט, גנני ? „נישט מעגלעך", „זיכער". „ער כאַפּט זיך נישט אין וואָס עס גייט".

יאָ. אַצינד איז אים אַלץ קלאָר.



עפּעס איז געשען מיט גנני. פון ירושלים, פון דער צענטראַלע, קומען די שמועות. און די הנהלה שווייגט.

שתיקה כהודאה דמיא — האָט העלער אַריינגעוואָרפן. גנני האָט, אַ פּנים, דערהערט דעם „זמזום". ער האָט זיך געלאָזט איבער די סניפים. „לגלגל שיחה" מיט די מענטשן פון דער שורה. אויך ביי דגני אָפּגעשטאָט אַ וויזיט. אַ שטילן, אַ קורצן וויזיט, אָן כּיבוד קל, אָן לאַנגע רייד, געלעכטערס, וואָס האָבן זיך אָפט דערטראָגן אין פּרוזדור און איבער די חדרים. אַ קאַלטער קבלת פּנים.

דגניס געמאַכטער שמייכל בעתן אויפהייבן זיך פון טיש, צוגיין עפּענען די טיר צום אַרויסגיין — האָט מען גנני׳ן נישט באַדאַרפט פּאַרטייטשן:

— מצטער. כ׳קען דיר נישט העלפן, ידידי.

נאָך דעם איז גנני אַריין צו העלערן.

— שלום. אָ, אַ גאַסט. אַ חשובער גאַסט — האָט אים העלער אונטערגערוקט אַ שטול — זיצט, בבקשה.

— אַ דאַנק.

— מיר האָבן, אייגנטלעך, דעמאָלט איבערגעריסן אין מיטן — האָט ער גלייך אָנגעהויבן. געאיילט זיך. אַ סך ענינים האָט ער געהאַט צו דערליידיקן. איצט האָט ער צייט, האָט ער געלעגנהייטלעך זיך צו אים אַריבערגעכאַפּט. ער, העלער, האָט נישט דאַקעגן, מיינט ער.

— דאַקעגן ? ניין. פאַר וואָס זאָל ער האָבן דאַקעגן.

גנני האָט זיך באַקוועמער געמאַכט ס׳זיצן.

— נו, העלער, ער דערגייט דיר נאָך די יאָרן ?

— ווער איז עס דער ער ? — האָט העלער געוואָלט פרעגן און נישט געפרעגט.

— כ׳מיין אייער מנהל — האָט ער נישט געוואָרט אויף קיין ענטפער.

— מייַנער ?... האָט העלער אויפגעהויבן די אויגן צו גנני, ווי איינער רעדט :

— פון ווען אָן איז ער מייַנער און נישט אייערער ?

גנניס הענט־תנועות, דער פּנים־גרימאַס, דאָס שמייכעלע — האָט אים לעכערלעך געמאַכט אין העלערס אויגן. אַ צבועק און אַ טיפּש דערצו — האָט ער זיך געטראַכט. מיינט אוודאי, אַז די־אַ, וואָס זיצן אויס פולע אַכט שעה ביים טיש, גראָבן זיך אין דער ניירת, האָבן נישט קיין אויערן, קיין אויגן : פאַרשטייען נישט קיין ענין. „כאַפּן זיך נישט אין וואָס עס גייט״.

געזען, אַז העלער שווייגט, האָט ער ווייטער גערעדט :

— העיקר, הכל בסדר ? מסתדרים ?

צו מאָרגנס איז אורי אַריין צו העלערן. די חן־גריבלעך אין די צע־רייטלטע באַקן זענען טיפער. דאָס פּנים לאַכט אויף אים :

— ס׳ט געהערט ?

— וואָס ?

— גנני איז נעכטן געווען ביי אונדז. אייגנטלעך — נאָר געעפנט די טיר. זיך אַ ווייז געטאָן מיט אַ „שלום מה נשמע חברה ?״ איידער מען האָט אים געענטפערט האָט ער צוריק פאַרמאַכט די טיר. אַלע פיר — נפתלי, צביקה, יענקעלע דער אַרכיוואַר — האָבן זיך איבערגעקוקט, צעלאַכט אויפן קול :

— אַ שיין געלעכטער.

— אלא מאי, זעצן זיך שבעה ?

— אורי, דו ביסט אַ ווילער בחור אָבער — אַ סאַברע : פון וועמען לאַכט מען ? פון זיך אַליין לאַכט מען. אונדזערע פּקידים בכירים, מנהיגים. און אפשר, — האָט ער נישט אַראָפּגענומען די אויגן פון אוריס צעשמייכלטן פּנים — אפשר ביסטו גערעכט : ס׳איז אַזוי טרויעריק, אַז מ׳מעג שוין לאַכן.

— נראה דפוק.

— מען גיט אים נישט דאָס בענקל פון זיין שעף, וואָס גייט אין פּענסיע.

— נישט קיין פונקציע פאַר אַ מנכ״ל.

— פתאם מצאו בו דופי ?

אורי האָט זיך אָוועקגעזעצט. אַ וויש געטאָן מיט דער האַנט די גזשיווע, וואָס פאַלט אים אין די אויגן בעתן רעדן. געזעסן מיט אַן אָפן פּנים, אַ צעשמייכלטס אַקעגן העלערן: געוואַרט ער זאָל עפּעס זאָגן.

— שמע, חביבי, יאַק בידאַ — טאַ דאַ זשידאַ*

— כ׳פאַרשטיי נישט.

— אַראָפּ פון דער גדולה, ווערט מען קרוב... לעמך. וואָס קוקסטו מיך אַן, סאַברע? פאַרשטייסט נישט קיין לשון קודש?

— דו מיט דיינע ווערטלעך.

— דו מיט דיין מדינה: אַ שיינע מדינה האָסטו מיר צוגעגרייט.

— ס׳טבאַדאָרפט קומען פריִער און צוגרייטן זיך אַ בעסערע.

— כ׳האָב זיך פאַרלאָזט אויף גנני...

— גנני, שמנני. אתה, חביבי, תמיד מיט דיינע הכללות. מען דאַרף זען זאַכן אין דער ריכטיקער פּראָפּאָרץ.

— אַזוי? האַלט איך שוין מיט דיר אויף אַ וועג.

— באמת, העלער: איך פאַרשטיי דיך נישט. אייגנטלעך, פאַרשטיי איך דיך יאָ. ביסט געקומען דאָ אַהער מיט אַ וועלכע צוואַנציק יאָר צוריק. קוקסט זיך אַרום: עפּעס איז עס יאָ און עפּעס נישט דאָס, וואָס האָסט געמיינט. חביבי, זה לא כך. אַז אַ מענטש שטייט נאָענט פון אַ בילד, אַ פאָרטרעט — זעט ער בלויז פלעקן... דו פאַרשטייסט, העלער?

— ריכטיק, אורי, זייער ריכטיק געזאָגט.

— כמעט ביי אַלע, וואָס זענען געקומען פון „דאָרטן" האָט דאָס לאַנד אַזאַ פּנים. טענות, תרעומות. מען מאַכט אַוועק מיט דער האַנט דאָס שיינע און דאָס גוטע, מאַכט מען אַוועק. מען גיסט אויס דאָס וואַסער מיטן קינד. אין וועמען, חביבי, טרעפן די פיילן? — אין זיך אַליין. אַ גאַנץ לעבן טראָגסטו זיך אַרום מיט וווּנדן, נישט אַזוי?

— אורי, דו ביסט הייַנט על הגובה. אָריגינעל. כ׳האָב דיך קיין מאָל נישט געהערט אַזוי רעדן. ווי אַן אַנדערער רעדסטו.

— לא נכון. איך בין תמיד דער זעלבער. דו הערסט מיך הייַנט אַנדערש,

---

* אַז ס׳ווערט שלעכט— גייט מען צום יידן...

דו ביסט היינט אַנדערש געשטימט. אַ שטימונגס–מענטש ביסטו. אַ פּעסימיסט.

— פּעסימיסט איז דער, וואָס זעט נישט קיין משמעות אין די מעשי–האדם אין דער היסטאָריע. איך — פאַרקערט — זע אַז דער מענטש איז מסוגל צו שלאָגן זיך, קעמפן פאַר זיין איבערצייגונג — בין איך פּעסימיס־טיש געשטימט צוליב מיין אָפּטימיזם. פאַרשטייסטו שוין, סאַברע?

— צי איך פאַרשטיי, חביבי, אדרבא, כ׳זע דעם צונויפלויף פון פאַר־שיידענע עלעמענטן מיט נעגאַטיווע נטיות, אַנטי־סאָציאַלע געוווינהייטן — אַט וואָס שלעפּט די מדינה באַרג אַראָפּ...

— נו, אין דעם גייט עס דאָך: און דווקא דער ייִנגער דור.

— ייִנגער דור, אַלטער דור: ווידער — ס׳אַפּראַגע פון פּראָפּאָרץ. נעם, למשל, קיבוץ: איז עס נישט אַן אָריגינעלע ארץ־ישראל שאַפונג? קיבוץ מיינט חיי–שעה און חיי–עולם. נישט נאָר מיניסטאָרן שטעלט ער צו, דער קיבוץ — ווי טייל זאָגן מיט איראָניע — אויך גוטע גענעראַלן, זעלנער סטראַטעגיקער. גרויסע אויפטוען אויפן געביט פון ווירטשאַפט. דערפינדער פון אַגראָטעכניק, קולטור–רעפאָרמאַטאָרן, קינדער–דערציִער, גוטע בוי־אַר־בעטער, אינזשיניערן. דער עיקר: הויכע מאָטיוואַציע. ניין. נישט דווקא אידעאָלאָגיע. ציוניזם. אַן „איזם". ס׳איז ערד. סביבה. ס׳איז זיין היים. ס׳איז אים גוט דאָ.

אַז אורי איז אַרויס האָט ער זיך פאַרטראַכט, העלער, עפּעס האָט ער געזאָגט, דער בחור. ער איז היינט אויסגעוואָקסן אין זיינע אויגן, דער סאַברע. ער איז אַ סך מער, ווי ר׳האָט געמיינט. אַזוי זענען זיי, די סאַברעס: שטעכיקע; גוטמוטיקע; שווייגנדיקע; עפענען זיי דאָס מויל — איז דוגרי, לענין. יאָ, תמיד די זעלבע זענען זיי. אלא מאי? ער זעט זיי תמיד מיט אַנדערע אויגן... זינט ער קען אים — דער זעלבער אורי: ס׳געלאָסענע רעדן, ס׳הויכע, מעטאַלענע געלעכטער, די צוויי גריבלעך אין די צערייטלטע באַקן בעתן לאַכן. אַן אָפן פּנים. אָפענע דיבורים. ווי די ברושים־ביימער וואַקסן זיי דאָ — גלייך און הויך. ער, זיין דור — איז אַנדערש: איבער־געפּלאָנצטע ביימער וואַקסן קרומלעך טראַכטן קרומלעך:

—אַ פּאַראַדאָקס. אַ פּאַראַדאָקסאַלער אמת: גראָד דאָס אַנטשטיין פון דער מדינה האָט בולטער געמאַכט די לויערנדיקע געפאַרן אויף דער עקזיס־

טענץ ווי אַ פאַלק.

— שנאה, אַנטיסעמיטיזם האָט אַ נייטראַל–מאַנטעלע אַנגעטאָן: ציוי־ניזם? נישט יעדער ייִד איז אַ ציוניסט אָבער יעדער ציוניסט איז דאָך אַ ייִד.

אויך אורי האָט דאָס מאָל לאַנג נאָכגעטראַכט נאָכן איבערשמועס: אין גאַנצן אומגערעכט איז ער נישט, העלער. כאָטש אַביסעלע יוצא–דופנדיק, באַמיט ער זיך פאָרט אַריינדרינגען אין סוד פון זאַכן. זוכט דעם אַבסאָלוטן אמת. מיט זיינע אָפּטע, אומבאַרעכנטע מעשים כלפּי די ממונים, מיט זיין התנהגות — וועקט ער צו זיך פון איין זייט שנאת–חינם: פון דער צווייטער זייט — שטעלט ער זיך מחוץ למחנה פּקידים. אויך די זוטרע האָבן נישט ליב אַז „זייערס גלייכן" קריינט זיך אַליין: —

ביי אים, אורין, רופט עס אַרויס אי דאגה, אי פאַרעדונג. אַן עלטערער מענטש, אַן עלנטער, אַ געליטענער. שווער אים אויפנעמען די היגע רעאַלי־טעט, וואָס האָט נאָך קיין פּנים נישט און אפשר — אַ סך פּנימער.

כאָטש ער איז מיט אים אין אַ סך זאַכן נישט מסכּים, קאָן מען פון דעסטוועגן אין גאַנצן אים נישט מבטל מאַכן. ער דערמאָנט אים, העלער, אָפּט אין זיין טאַטן: איש קיבוץ. אַריבער דרייסיק יאָר אין לאַנד. אַן ערד־אַרבעטער. און איז נאָך אַלץ — אַ דאָרטיקער.

ביי ביידע — די זעלבע עצבות אין קול, דער זעלבער טאָן, די אויפריכ־טיקע רייד, די איכפּתיות מיט וועלכע די ווערטער ווערן אַרויסגעזאָגט.

העלער איז דאָך דער איינציקער דאָ אין משרד מיט וועמען מ׳קאָן אויך רעדן וועגן זאַכן שברומו של העולם. יאָ. סאַברע. אוודאי איז ער אַ סאַברע. דאָך — אַ זון פון עלטערן, וואָס זענען געקומען פון דאָרטן. — אַ דאָפּלט געפיל באַהערשט אים, אורין, ווען ער הערט דאָס וואָרט „גלות" אַ געמיש פון פּרעמדקייט, ווידערווילן, רחמים און באַדויער. אפשר פון דאָנען דער געהיימער כּוח, וואָס בינדט אים צום עלטערן מענטש. ער איז כמעט זיכער, אורי, ווען העלער וואָלט דאָ, ווי ער, געבוירן געוואָרן וואָלט ער אַנדערש געזען זאַכן, אַנדערש געטראַכט. דאַקעגן, אים גופא קומט אָפּט אויס, ווי ער וואָלט „דאָרטן" אַ מאָל געוועזן. זיין טאַטע–מאַמע, זייער לעבן דאָ, די אַלטע היים, דער אומקום פון זיינע ברידערלעך, וואָס ער קאָן נאָר פון

דער מאַמעס דערציילן, די שווידערלעכע בילדער פון דאָרטן — יאָגן אויף אים אַן אַן אומרו.

געגנוג, גענוג מיט היטלערן — גיט ער אַ מאָל אַ געשריי אויף זיין מאַמען. נאָך דעם — טוט אים באַנג.

ווי אַ קליין יינגל, וואָס טראָגט אויף זיך דעם טאַטנס בגד — קומט ער זיך אין די רגעס אויס: אַן אַלטער, לאַנגער בגד, וואָס באַשווערט זיין גאַנג, זיינע מעשים.

אַ בגד מיט אַ סך צויטן. — וואָס מער ער ציפּט די צויטן — אַלץ לענגער ווערן זיי, מערן זיך... ניין. אַ הויט, אַ דאָפּלטע האָט ער אויף זיך. און ער קאָן פון דער הויט נישט אַרויס.

י

גנני׳ס קומען און אַוועקגיין איז, ווי תמיד, געוואָרן די „טעמע פון טאָג״. באַדאַרפט אים אַריינשיקן „לגלגל שיחה״ צו די צוויי יוסיס — האָט מען זיך געוויצלט. „שניים בסירה אחת״ — יוסי עמיחי און יוסי כהן. יונגע בחורים, שוין נישט יונג ביי דער אַרבעט. הייבן נישט אויף די קעפּ פון טיש פּאַפּירן. קומען די ערשטע. גייען אַוועק די לעצטע. פעלן נישט קיין טעג. זענען נישט קראַנק און מאַכן זיך נישט קראַנק. רייד, וויכּוחים, רכילות — נישט זיי מיינט מען. אַ גרעסערן תפקיד, העכערע דרגה — מהיכא תיתי. אָבער „לא על משכורת לבדה יחיה הפקיד״ — האָט יוסי כהן ליב געהאַט פּאַראַפראַזירן דעם פסוק: „לא על הלחם לבדו יחיה האדם״.

האָט מען שוין פון לאַנג אין זיצן פוןביידע יוסיס אין איין חדר געזען אַ גוטן אויפטו פון מר דגני. גראָד צו די זאַכן טויג ער זיך אויס.

ס׳רוב חבר׳ה איז פון דעסטוועגן נישט פאַרבייגעגאַנגען די אָפענע טיר, ווו די צוויי זיצן אַן אַ שמייכעלע, אַן אַפּלאַכערישע מינע.

היפּשע עטלעכע וואָכן האָט מען אין זיי פאַרגעסן. הייַנט — זיי ווידער גענומען אין מויל אַריין:

— פאַר וואָס איז ער נישט אַריין צו די יוסיס, גנני?

— זיי האָבן נישט קיין צייט צו זיין „בלבול מוח״.

— עמיחי — חמור עבודה.

— יוסי נומער צוויי — סתם אַ שמאָק.

דעם טאָג פון דערהאַלטן די טעלעגראַמע האָט העלער זיך געלאָזט אין וועג אַריין. קנאָפּע זעקס שעה מיט דער באַן קיין שטוטגאַרט. גרינע פעל־דער. שוואַרצערד. דערפער. ווייסע הייזקעס מיט רויטע דעכלעך און גרינע לעדן. גערטנדלעך. שטאַכייטן מיט איבערגעקערטע לאַדישקעס. פּאַדווירעס מיט הינט.

סעפּטעמבער ניינצן אַכט און פערציק. נאָכמיטאָג־שעה. דינע וואָלקנ־דלעך פּאַרציִען דעם לויטער־ריינעם הימל. מיט ווייכן געוואַקל טראָגט זיך דער צוג. האַלב–ליידיקע וואַגאָנעס מיט טיף–געבעטע געזעסן. ער שטייט ביים פענצטערל. קוקט אויף די פּאַרביילויפנדיקע פעלדער, כאַטעס, פּאַל־וואַרקס. אַ פייף, אַ געקייטלטער, צעשניידט די לופט, די רויִקייט, די ווייטיק־דיקע.

די פעלדער, וועלדער, כאַטעס לויפן אויף צוריק און ער יאָגט פאָרויס. וווהין ? צו וועמען יאָגט ער זיך ? צירל. הינדעלע. וואָס איז מיט זיי געשען דאָרט. וואָס עפּעס פּלוצים אַזאַ טעלעגראַמע ?

נאָך אַ פייף גיט אַ שניט די לופט. ניין — אַ שניט אין האַרץ : דער פייף דערמאָנט אים אין דער באַן–גאַס — — —

אויף דער קאַלעיאָווע האָבן זיי געוווינט פאַר דער מלחמה. אַ גרויסער הויף. אַ בוידעם–שטוב. אונטן אין דער סוטערינע — דעם טאַטנס ווערק־שטעל. אַ ליק, אַ שמאָל געסל מיט אַ שאָסיי פון קיזלשטיינער פירט צום הויז, ווו צירל האָט געוווינט. צירל האָט נישט ליב געהאַט צו רעדן פון איר היים, פון צייט צו צייט פלעגט זי בהיסח־הדעת דערציילן ; דער טאַטע — אַ זייגער־מאַכער, די מאַמע — אַ שטעל אויפן מאַרק. זי, די עלטסטע אין שטוב — אַ מאַמע צו די פינף יינגערע ברידערלעך. גרייט עסן פאַר דער שטוב. פרייטיק־צונאַכטס — אַ ריין–געמאַנגלעוועט העמד פאַרן טאַטן, געצערעוועטע העמדלעך פאַר די ברידערלעך געלאַטעט.

— אין אַן ענגער שטייג געראָטן די געענדז האָט די גאַס זיך געווערטלט.

אין דער אָרעמער שטוב האָט זי אויסגעזען, ווי אַ שיין בילד אין אַ צעבראָכענער ראַם. קלוג איז זי זיך באַגאַנגען מיט די ברידערלעך. זיי האָבן איר דערפאַר געפאָלגט אַ גאַנג. אויך איר האָבן די געענג נישט אויס־

געמיטן: — אויסלייזן פון פּאָליציי־צירקל די נישט־פּיעטשאַטעוועטע גע־וויכטער, אָפּבעטן אַ געלט־שטראָף פאַר נישט פאַרמאַכן די שטעל אין דער צייט, פאַר נישט טראָגן אַ ווייס פאַרטעך. כאַפּן ערגעץ אַ גמילת־חסדל.

צירל איז די צירונג אין שטוב. אַז איר טאַטע, בערעלע זייגער־מאַכער, גייט פאַרביי די גאַס — זעט ער קיינעם נישט. ער הייבט נישט אַרויס די אויגן איבער די ברילן: דראָטענע ברילן, וואָס האַלטן זיך אויף איין אויער מיט אַ שטריקל.

— האַ?, וואָס? — גיט ער זיך אַ כאַפּ, קוים שטעלט אים עמעצער אָפּ מיט „אַ גוט־מאָרגן, ר׳ בערעלע״.

האָט שלמה־זלמן דער שדכן זיך איין מאָל אַ ווייז געטאָן אין שטוב, געפּרוווט מיט אים איבערכאַפּן עטלעכע ווערטער:

— ר׳ בערעלע... אייער טאָכטער... זאָל געזונט זיין, קיין עין־הרע אַ... כלה־מיידל. בערעלע האָט אויפגעהויבן דעם פאַרקלערטן בליק פון הינ־טער דער בריל:

— האַ, וואָס? מיין צירעלע?

ער האָט געדרייט מיטן קאָפּ, געזוכט אין אַלע ווינקלען פון שטוב צירעלען, דאָס קינד.

צירל איז אַ כלה געוואָרן אָן אַ שדכן. יאָסל האָט זיך געדרייט אויפן מאַרק נישט ווייט פון איר מאַמעס שטעל. תמיד ווען זי איז אַרויסגעקומען מיט אַביסל געקעכטס, מיט אַ וואַרעמען טרונק — האָט זי אים געטראָפן.

יאָסל שטאַמט פון די דראָזשקאַרעס. זיין טאַטע — אַ פּראָסטער ייִד אָבער אַ גוטע נשמה. אין גראַבסקיס צייטן, ווען די ייִדישע קרעמער האָט אָנגעהויבן גיין מיט דער פּוטער אַראָפּ, האָט זיין טאַטע, מנשה, נאָכגעלאָזט דעם פּרייז פון אַ יאַזדע. פון אַ ביליקער יאַזדע ווערט מען נישט אָרעמער — האָט ער געזאָגט. טאָמער האָט אַ פּאַראָרעמט סוחרל, אַ שפּיליטער, פאַר צופירן צו דער באַן, אַריינגעשטופּט אין האַנט אַ קלענערע מטבע — האָט מנשה געמאַכט אַ שווייג.

צוויי טרעגערס, ברידער — יאַנקל און סרול — זענען אַריינגעקומען אין שטוב. שטאַרקע יונגען. יעדער איינער האָט געקענט אויפעסן צוויי ברויט מיט אַ מאָל, אַ שיסל ברוינע קאַשע פון צוויי פונט — האָט מען

**דערציילט.**

קאַשע מיט קאַרטאָפל איז ביי זיי געווען דאָס בעסטע מאכל. צוויי מאָל אין יאָר איז אַ מצווה צו עסן קאַשע — האָט סרול געזאָגט — זומער אין די ניין טעג און ווינטער, חנוכה־צייט, ווען מען האָט געבאַקן „גריטשקעלעך" פון גערשטנמעל.

נאָך איינער פּלעגט אַריינקומען, דעם טאַטנס אַ חבר „פּאַ פּאַכו", זישע טראַטש: אַ הויכער, פעסטער ייִד; דאָס פערד — אַ דריבנע, אַלטע קלאַ־טשע; ער פלעגט זיי אָפקויפן פאַר אַ שיבוש ביים היצעל, ווי נאָר ער האָט געזען ביי אים אַ פערד מיט אַ „בעסער פּנים".

אויף דער געשפּאַן איז געווען אַן אַלטער: שטריקענע לייצעס און אַן אויסגעריבענער כאָמעט. די דראָזשקע — אויף אייזן־געקאָוועטע רעדער. אַ גליק, וואָס די דראָזשקע איז געפאָרן פאַמעלעך און דאָס געקלאַפּעריי פון די אייזערנע רעדער אויפן שאָסיי האָט נישט אַנגעמאַכט קיין רעש.

גאַנץ מעזריטש האָט געקענט זישע טראַטש מיט זיין צעקאַליעטשעטן עברי. אין די ימים־נוראים פלעגט ער האַלטן אָפן דעם סידור און כסדר מישן די בלעטער. איין מאָל האָט ער הויך אויסגעשריגן:

הבוחן ובודק גנזי נסתרות — אַ בוכא, אַ בודקא, גענזענע סטראָנעס.

ער האָט — האָט מען דערציילט — טענות געהאַט צום דאָזאָר:

„פאַר וואָס דערלאָזט ער דעם געלן מוכר־ספרים פאַרקויפן ספרים אין בית־מדרש". „פאַר וואָס האָט ער נישט געפונען אין קאַלבויניק (כל־בו סידור), וואָס ער האָט ביי אים געקויפט, ווי אַזוי מען פאַרריכט אַ צעריסע־נעם געשפּאַן?"

שבת נאָך שבועות האָט מען געמאַכט „אַ וואָרט". מנשהן, יאָסלס טאַטע, איז דער שידוך גאָר אַנגעשטאַנען. נאָך סוכות האָט מען געפּראַוועט די חתונה.

אין דער נאַכט פון דער חופּה, נאָכן אַרויפלייגן זיין חתימה אויף דער כתובה, זאָל ער, מנשה האָבן צוגערופן יאָסלען דעם חתן און אים אַזוי געזאָגט:

— בערעלע זייגער־מאַכער, זיי וויסן, איז נישט אַבי ווער. טאַקע אַ בטלן, אַ תם אָבער אַ צדיק גמור. און צירל איז אַן איידל קינד. אַ כשרע ייִדישע טאָכטער. שאַנעווען זאָלסטו זי, יאָסל, דו הערסט!

זעקס זיבן יאָר איז הינדעלע אַלט געווען בעת זיי זענען אין ביינצן ביין און דרייסיק אַריבער דעם בוג. דעם ערשטן ווינטער, אויפן פּאָסיאַלאָק, איז ער קראַנק געוואָרן אויף טיפוס. זיך אָוועקגעלייגט און זיך נישט אויפ־געהויבן. געזונטע מענטשן, זאָגט מען, קענען לאַנג נישט קראַנק זיין.



אַזייגער פינף נאָך מיטאָג איז ער אָנגעקומען. הינדעלע האָט זיך מיט אים דערפרייט. מיט שטילע טריט איז זי אַוועק פון בעט, ווו צירל איז געלעגן. אָנגעוויזן אים אויף אַ שטול צווישן בעט און טיש.

— אַ טרונק ? אפשר עפּעס איבערכאַפּן ? אַזאַ ווייטער וועג.

— אַ דאַנק, הינדעלע. כ׳וויל גאָרנישט.

זי האָט זיך עטוואָס דערווייטערט פון דער מאַמעס בעט און נעבנטער צום טיש זיך צוגעזעצט. ער האָט זיך צוגערוקט מיט דער שטול אַקעגן איר.

— זי שלאָפט ? — האָט ער, פרעגנדיק, אָנגעוויזן אויף צירלען.

— אַזוי שלאָפט זי. אַזוי איז זי וואָך.

אַ ווײַלע האָבן ביידע געשוויגן.

— ווען האָסט דו דערהאַלטן די טעלעגראַמע ?

מיט וואָס פאַר אַ לייכטקייט זי האָט אַרויסגעזאָגט דעם „דו״ — האָט ער זיך געוווּנדערט.

— היינט. היינט אין דער פרי. וואָס איז געשען ? אַזוי פּלוצים ?

— נישט פּלוצים. אַ קנאַפּ יאָר נישט דערמאָנט אין די בריוו דער מאַמעס קראַנקייט. שוין מער ווי זעקס חדשים ליגט זי אַזוי אין בעט. צו וואָס דיך מצער זיין ?

הינדעלע האָט דערציילט : די לעצטע צייט קלאָגט זיך די מאַמע פאַר איר. פאַר וואָס העלער לאָזט פון זיך נישט הערן. ווייניק בריוו שרייבט ער. נו, שוין האָט ער פאַרגעסן אין אונדז. געזאָגט „אונדז״ און געקוקט אויף איר... אַ צער איז איר געווען דער מאַמעס רייד, אויף איר קוקן איר אין די אויגן...

אפשר, ווייל זי איז די שרייבערין פון די בריוו — האָט זיך הינדעלע געפרוווט פאַרענטפערן. די שרייבערין און די פירלייענערין פון די בריוו.

הינדעלעס ווייכע שטים, דער „דו" — האָט אין אים עפּעס אויפגע־ציטערט. קעגן איר איז ער געזעסן און די אויגן נישט אַראָפּגענומען. אַ שיין, לענגלעך טונקל–ברונעט פּנים. די שיינע צירל יונגערהייט — האָט אַ בליץ געטאָן אַ געדאַנק. דער גרינער גלאַנץ אין די אויגן: גוטע טויבן־אויגן, דער מאַמעס, אַ גוטער, טרויעריקער שמייכל. זי איז היפּש אונטער־געוואַקסן.

מיט עצבות אין קול דערציילט זי וועגן דער מאַמעס קראַנקייט. אירע שווערע ליידן. די קליינע האָפענונג, וואָס די דאָקטוירים גיבן? ס'איז אַ פראַגע פון צייט.

די רעצעפּטן זענען נאָר צו פאַרלייכטערן די ווייטיקן — זאָגן די דאָקטוירים.

די בגרות אין קול, דער געלאָשענער גלאַנץ אין די אויגן, האָבן אויפ־געוועקט אין אים עפּעס פון יענער שפּירונג בעתן אַריינקומען צו זיי אין שטוב אַריין ס'ערשטע מאָל מיט קנאַפּע צוויי יאָר צוריק. מיטן בליק פון איר מאַמען קוקט זי אַצינד אויף אים. אַ בליק פון שטוינונג, נייגער און אַ מין פאַרבאָרגנקייט.

— ווי גייט עס דיר דאָרטן?

זי האָט נאָך עפּעס געוואָלט פרעגן און זיך צוריקגעהאַלטן.

אַ טונקעלע שיין פון אַן איינציק עלעקטריש לעמפּל אויפן פּולאָפּ, האָט זיך געבאָרעט מיט די שאָטנס אויף די ווענט. שאָטן און ליכט איז ווי אַ וועווערקע אויף זוניקע צווייגן, געלאָפן איבער הינדעלעס פּנים.

זי איז געזעסן אַ פאַרקלערטע. אפשר האָט זי זיך אין די רגעס איינגע־האָרכט אין אַ פּלוצימדיקער, טיפער איבערלעבונג, וואָס איז עולה פון אירע ממעמקים: אויפגעוואַכטע ליבע. וואָרצלט נישט הינדעלעס ליבע צו אים — איז אים דורכגעלאָפן אַ געדאַנק — אין בלוט פון איר מאַמען וואָס גוססט דאָ פאַרביידנס אויגן? צירעלע די שיינע, די קליינע, וואָס טראָגט אין איר געדעכעניש ס'געשטאַלט, ס'אָפּבילד פון זיין טאַטן? —

און ער טראָגט העכער צוויי יאָר אַ גרויסן סוד. געקומען אַצינד דעם סוד מגלה זיין. שפּעט. צו שפּעט. צירל זינקט אין ווייסן בעט — אַ שיף אַ צעבראָכענע אויפן ים פון לעבן. די שיף גייט אָפּ, גייט אונטער. — און

דער סוד? — גייט ער נישט אויף אַצינד אַזוי ווייטיקלעך־שיין אין דער אַכצניאָריקער הינדעלע? אַט זיצט זי אַקעגן אים און שווייגט. פאַר וואָס שווייגט זי?

הינדעלע האָט זיך אַ הייב געטאָן פון דער שטול. זי גייט מאַכן אַ גלעזל טיי.

ער האָט איר אָפּגעהאַלטן:

— מ׳דאַרף נישט.

— שוין שפּעט. אַ האַלבן טאָג אין וועג אַוודאי נישט געגעסן — איז זי נאָך אַלץ געשטאַנען.

— איך בלייב דאָ איבער נאַכט.

ער האָט איר לייכט אָנגענומען מיטביידע הענט ביי די עלנבויגנס און זי צוריק אָוועקגעזעצט.

זי איז ווי פריער זיצן געבליבן. געשוויגן. זי האָט אָנגעשטעלט אויף אים אַ ווייכן, וואַרעמען בליק. האָט נישט דער בליק „געזאָגט" דאָס, וואָס אירע ליפּן האָבן אויסגעשוויגן: אַ דאַנק, אַ דאַנק דיר וואָס דו לאָזט מיך נישט די נאַכט אַליין. אַ דאַנקבאַרקייט און נאָך עפּעס: אַ געפיל, אַן איינ־מאַליקס מיט אַ קראַפט, וואָס לאָזט זיך נישט אויסדרוקן אין ווערטער — האָט ער אַרויסגעלייענט פון אירע אויגן.

ער האָט צוגעבויגן זיין קאָפּ צו אירן. גענומען איר פּנים אין זיינע הענט. אַ קוש געטאָן איר אין שטערן, אין די ליפּן. עטלעכע קושן, פּאַמע־לעכע, שטאַרקע, הייסע קושן, וואָס ווילן גאָר נישט וויסן פון קיין סוף.

הינדעלע האָט באַפרייט איר קאָפּ פון זיינע הענט. אויף איר פּנים האָט זיך באַוויזן אַ טרויעריק, פאַרשאַטנט שמייכעלע.

זי האָט זיך אויפגעהויבן און געלאָזט גיין אין קיך אַריין. ער האָט זיך צוגערוקט מיט דער שטול צום בעט.

— הינדעלע, הינדעלע — האָט זיך באותו רגע דערהערט צירלס שלאַבעריקע שטים דורך אַ פאַרמאַכט מויל.

— וואָס איז, מאַמע? — איז זי פון קיך גיך געקומען צולויפן.

— דערלאַנג מיר... אַטאַ, דאַ־אַ, כ׳בעט דיך.

צירל האָט געצויגן איר נאַקעטע האַנט צו אַ גלאָז וואַסער אויפן

בענקלביים בעט. הינדעלע האָט אויף שטום–לשון, מיט אַ פינגער אויפן מויל, אָנגעוויזן אויף צוויי שנירלעך ציין אין אַ גלאָז וואַסער.

אַ פּנים דערקענט אים, געוואָלט אַ שמייכל טאָן, עפּעס זאָגן און שעמט זיך עפענען ס׳אָנצייניקע מויל. זי האָט זיכער געוואָלט עפּעס זאָגן, צירל. זי האָט אפשר געשפּירט, אַז זי איז נישט מער די באַלעבאָסטע איבער איר לעבן, איבער דער שטוב–באַלעבאַטישקייט. אַן אַנדערע קומט אויף איר אָרט, איר בלוט און פלייש — הינדעלע.

זי וועט איר ירשענען. אפשר האָט זי עס אַרויסגעלייענט פון זיינע בליקן אויף איר טעכטערל? אפשר האָט זיך צו איר האַלב–טויבער שמיעה דערטראָגן דער שאַרך פון לאַנגן, הייסן קוש?—

די דאגה פאַר הינדעלעס גורל, די האָפענונג, אַז ער וועט אין איר געפונען דאָס, וואָס ביידע האָבן אים געגעבן — פרוי, היים — האָט אויפגערודערט דאָס שטאַרבנדיקע בלוט אין אירע אָדערן. אויך אין אירע אויגן, האָט ער געזען, צינדט זיך עפּעס אָן. צירלס בליק, וואָס האָט איר קיין מאָל נישט גענאַרט — האָט ער אין די מינוטן געשפּירט — פאַלט אויף אים און הינדעלען... און איר האַרץ קורטשעט זיך אוודאי פון ווייטיק.

אָרעמע, אומגליקלעכע צירל. ער האָט זיך צוגערוקט מיט דער שטול נענטער צום בעט, נאָך דעם ווי הינדעלע האָט איר דערלאַנגט די ציין. צירל האָט מיט דאַרע, ווייסע סקעלעטן–פינגער געשטופּט די ציין אין מויל אריין. נאָך דעם האָט זי אויסגעשטאַמלט:

— אַ דאַנק, טייערער, געקומען, האַ?

ער האָט געשוויגן.

— צו שפּעט, ליבינקער.

— פאַר וואָס זאָגסטו אַזוי?

זי האָט געשמייכלט. אַ שמייכל, צי אַ קרומע העוויה, אַ מין גרימאַס — עלעהיי אַ פּנים פון אַ קינד, וואָס וויינט און וויל לאַכן.

— אַ דאַנק דיר, טוביה.

— צירל?

— גוט וואָס דו ביסט געקומען.

— גוט, וואָס איך הער דיין קול, צירל.

— ווער ווייסט ווי לאַנג נאָך... דאָ ביי מיין בעט זאָלט איר אַ חופה שטעלן.

— סאַראַ רייד, צירל ?

— דאָ, ביי מיין בעט, דו הערסט, טוביה ? איך בין ביים קלאָרן זינען. ביי דער קראַנקייט ווייסט מען אַלץ ביז דער לעצטער מינוט.

— צירל, דו פאַרשאַפסט מיר ווייטיק.

— דאָס איז מיין לעצטער ווונטש : הינדעלע... אַ קיילעכדיקע יתומה ביסטו. ער וועט זיין גוט צו דיר. אַצינד קאָן איך רויִק שטאַרבן.

— וועסט לעבן, מאַמע. וועסט נאָך דערלעבן...

— און מיינע ביינער זאָלט איר ברענגען צו קבר ישראל. אַ קאַלט. סאַראַ קעלט אין שטוב.

ער האָט זיך אויפגעהויבן. צוגעגאַן צום פענצטער פאַרמאַכן דעם לאָדן. שפעטע סוף–זומער נאַכט. איינע פון די העלע, טרוקענע נעכט מיט וואָס די שיינע, דייטשישע לאַנדשאַפט איז געבענטשט. אויפן העל–בלויען הימל האָט געפינקלט אַ שטערן. אַ גרויסער שטערן. נאָענט פון פענצטער, איבער אַ הויכן בוים מיט גרויסע, שיטערע צווייגנבלעטער, וואָס האָבן אַריינגעשאָטנט אין שטוב אַריין — האָט זיין ליכט אַדורכגעשלאָגן. אַ טונקעלע כמאַרע האָט פון ערגעץ אַנגעיאָגט און דאָס ליכט פון שטערן פאַרשטעלט. אינעווייניק, אין דער גרויסער, טונקעלער שטוב, איבערן טויטן בעט פון צירלען — איז אויפגעגאַנגען אַ נייער שטערן : הינדעלע. צי וועט אויך אויף איר שטערן אָניאָגן אַ כמאַרע און אים פאַרדעקן ? —

אין מיטן דער נאַכט — אַ וואַכנאַכט פון אים און הינדעלע — האָט פלוצים צירל זיך אַ הייב אויף געטאָן און געבליבן זיצן :

— ס'איז מיר בעסער, קינדערלעך ; איך פיל נישט מער קיין ווייטיק.

— וואָס זאָגסטו, מאַמע ?

הינדעלע האָט צוגעלייגט נענטער איר פנים צו דער מאַמעס, ווי זי וואָלט זיך וועלן איינהאָרכן צי איז עס טאַקע איר מאַמעס קול.

— בעסער, האָ, צירל ? כ'האָב דאָך דיר געזאָגט.

— ס'טוט מיר גאָרנישט וויי — האָט זי איבערגעחזרט און האָט אויף אים אָנגעוויזן מיט דער דאַרער האַנט — דו, טוביה, פאָר צוריק און ברענג

אַריבער דיינע זאַכן. צירל איז נאָך אַלץ געזעסן. אַ שמייכעלע פון דערלייזונג האָט אַראָפּגעשיינט פון איר פּנים.

צו מאָרגנס אין דער פרי איז ער אַרויס פון שטוב. צירל איז געשלאָפן. אַ פרעמד אויג וואָלט אין דעם לייטזעליקן שמייכל אויף איר פּנים געזען אַ שלאָף פון אַ געזונטן מענטש. נישטאָ וואָס צו וואַרטן — האָט ער זיך געטראַכט — וואָס פריִער פאָרן און וואָס פריִער צוריקקומען. הינדעלע האָט אים אַרויסבאַגלייט ביז איבער דער שוועל. ער האָט זיך דערמאָנט אין קרוב. פאַר וואָס זעט מען אים נישט אין אַזעלכע קריטישע טעג. איז ער בכלל דאָ געווען? ווו ווױנט ער? אָט איז ער אין שטוטגאַרט און מען זעט אים נישט. מען הערט אים נישט. מען דערמאָנט נישט זיין נאָמען. ווייסט ער, אַז ער, העלער, איז דאָ און דערפאַר קומט ער נישט?

אויף דער באַן, צוריקוועגס, האָט ער צייט געהאַט צו טראַכטן.

די גאַנצע מעשה מיטן קרוב געפעלט אים נישט. צוגעזאָגט גאָלדענע בערג. תכלית. גערעדט צו דער מאַמען און געמיינט די טאָכטער? — ער זעט נישט קיין שינוי צום שלעכטן אין הינדעלעס באַנעמען זיך מיט אים. אדרבא: — לויט די רמזים — אַ בריוו, וואָס איז צו אים אַ מאָל אַריינגעפאַלן — איז ער זיך משער, אַז דער „קרוב‟ איז אַ יונגער מענטש. אַליין. נישט קיין אָרעמער מענטש. אוודאי אַ סוחר. אַן אומלעגאַלער האַנדל גייט אַן דאָ, אין דער אַמעריקאַנער זאָנע. פּראָדוקטן, באַקליידונג פון „אונראַ‟ און „דזשאָינט‟ קומען אַן אַהער וואַגאַנעסווייז. אַמעריקאַנער פּאַפּיראָסן, קאָנסערוון–פּושקעס, מאַנופאַקטור, האַנדל מיט וואַליוטע: „האַרטע‟ און „ווייכע‟. אַרום „האַיאַס‟ דרייען זיך מאַכערס פון עווידעוויטס. מען מאַכט פּאַפּירן און מען פאָרט מעבר לים. אַז דער „קרוב‟ איז איינער פון די, וואָס דרייען זיך ביים „האַיאַס‟ און ביי די רייזע־ביוראָס איז טאַקע צו זען פון יענעם בריוו. סאָראַ לשון: חניפה און תקיפות פון אַ בעל–דעה, וואָס האָט די מאה. אומקלאָרע כוונות לגבי צירלען און הינדעלע. אַ סברא, אַז הינדעלען זענען שוין גאַר קלאָר זיינע כוונות און וועגן. מסתמא האָט זי אים דאָ געזען. מסתמא האָט מען גערעדט „תכלית‟. קיין גרויסע התלהבות צו אים און זיינע פּלענער האָט ער ביי איר נישט געזען: נישט לויט הינדעלעס רייד און אוודאי נישט לויט איר התנהגות. העכער דריי וואָכן

האָט געדויערט ס׳אַדורכפירן אַלע פאָרמאַליטעטן. אָפּגעבן די קענקאַרטע, אויסשרייבן זיך פון לאַגער, אויספאַרקויפן אַלטע, איבעריקע זאַכן. איינקויפן ביינע. נישט מער, ווי עטלעכע טעג וואָלטן פון דעסטוועגן גענוגנט אַדורכ־צופירן די אַלע זאַכן. אָבער מחמת דער לעגאַלער עליה, וואָס האָט זיך גראָד אָנגעהויבן נאָכן דערקלערן די אָנטשטייאונג פון דער מדינה — האָבן זיך די ענינים פאַרצויגן. אָפּגעשלעפּט געוואָרן און נישט אָן כוונה. דער סוכנות–אַמט האָט געוואָלט, וואָס פריִער און וואָס מער לאַגער–מענטשן זאָלן אונטער זייער קאָנטראָל עולה זיין.

אייגנטלעך, וואָס איז דאָס איילעניש — האָט ער געטראַכט — צירל פילט זיך בעסער. יענע נאַכט איז, אַ פנים, געווען די קריזיס–נאַכט. ער האָט במילא נישט קיין אַנדער ברירה, ווי — וואַרטן.

אָנגעקומען קיין שטוטגאַרט האָט ער געטראָפן אַ פאַרשלאָסענע טיר. אַ שכינה, אַ דיקלעכע דייטשקע, איז אַרויס און אים דערלאַנגט אַ פאַרמאַכן קאָנווערט. איר פנים איז אים נישט געפעלן. עפּעס האָט זי אים געוואָלט זאָגן, די דייטשקע, און זיך אָפּגעהאַלטן. עטלעכע רגעס האָט געדויערט ביז זי האָט באַקומען לשון. זי האָט מיט געמאַכטן באַדויער און פייערלעכער אומעטיקייט אַרויסגעשטאַמלט:

— לעזן זי, ביטע.

ער האָט מיט ציטערנדיקע הענט געעפנט דעם קאָנווערט.

„ליבער טוביה, די מאַמע איז נישטאָ מער. פונעם טאָג פון דער קבורה שטיקן די טרערן אין האַלדז. כ׳האָב שוין נישט קיין כוח צו וויינען. דער קרוב איז געקומען מיט פאַרטיקע פאַפּירן אויף אַרגענטינע. לאַנג וואַרטן האָט מען נישט געקאָנט. ער, קאָנטיק, ווייסט פאַר וואָס. מען האָט עס באַדאַרפט מאַכן אויף גיך, בגניבה. ביי איר טויטן בעט האָט מען געשטעלט די חופה. יאָ. דערלעבט אַזוי ווי זי האָט געוואָלט. — אַ חופה...

נאָך דער „שבעה" האָב איך עטלעכע טעג געוואַרט. דיך זעט מען נישט. ער יאָגט אונטער. שרייבן? ווי אַזוי? צו וועמען? (איך בין אויך נישט זיכער צי וועט דער בריוו צו דיר דערגריין). און ווו נעמט מען אַ קאָפּ? ווו נעמט מען אַ האַרץ דאָס אַלץ איבערצוטראָגן.

איך פאָר אַוועק אין דער פרעמד מיט אַ מענטש, וואָס איז מיר פרעמד:

— אויף פרעמדער ערד, אויף אַ פעלד, וואָס איז אָנגעזאַפּט מיט ייִדיש בלוט, לאָז איך איבער מיין מאַמען. דו וועסט אוודאי עולה זיין קיין ישראל. אין די שווערע טעג פון צער און יאוש, בלייבט מיר איבער צו האָפן, אַז כ'וועל דיך נאָך זען. אמן.

אוי, ווי דו ביסט מיר אַצינד נייטיק!"

און ער, אָ, ווי נאַריש ער איז, ער האָט געמיינט, אַז זי פילט זיך בעסער. קריזיס–נאַכט. יאָ. פאַרן טויט פילט מען זיך בעסער.

צירל — אויף פרעמדער ערד, צו קבר ישראל נישט געקומען. הינדעלע — מעבר לים, אַרגענטינע, מיט אַ מאַן, וואָס „איז איר פרעמד".

און ער? ער האָט אַן אייגן לאַנד, נאָר קיין היים האָט ער נישט.

## יא

די לעצטע צייט איז צעירה צוויי מאָל אין דער וואָך אַוועק פריִער פון דער אַרבעט. זי גייט אויף שיעורי נהיגה. תמיד אין דער זעלבער שעה, אַרום אַ זייגער איינס, האָט העלער געהערט אַ פייף. דער פייף פון דרויסן הינטערן פענצטער איז אים שוין גוט באַקאַנט געוועז. בייז און אומגעדולדיק איז ער געוואָרן אַ גאַנצן נאָך מיטאָג ביז צו מאָרגנס אין דער פרי ווען צו זיינע אויערן האָבן זיך דערטראָגן צעירהס גיכע טריטלעך פון פרוזדור אין מזכירות, פון מזכירות צו אים אין חדר.

— שלום, אדון העלער.

— שלום צעירה.

עטלעכע שיינע וואָכן אַזוי. מער, ווי דער פייף האָט אים אונטערגעהויבן פון בענקל צעירהס פלינק פאַרוואַרפן דעם איבערלוג אויף דער שרייבמאַשין און מיט נאָך פלינקערע טריטלעך ווי אין דער פרי האָט זי זיך אַ טראָג אָפּ געגעבן פון חדר. אַ טבע האָט ער, דער ווייטיק, ער קומט דורך אַלע הינטערוועגן און פאַריאָגט אַלע אַנדערע מחשבות. שטעכט זיך אַריין אין מוח, ווי אַ שפּיצהעלצל אונטערן נאָגלפלייש...

דאָס לעצטע מאָל האָט העלער מער נישט געקענט איבערטראָגן סיי דעם חוצפּהדיקן פייף, סיי איר פלוצימדיק נעלם ווערן. אַ שמועה איז אומ־געגאַנגען אין משרד, אַז מען זעט זיי תמיד פאָרן אין זעלבן כיוון —

צפון תל־אביב. צום ים, פאָרן זיי — האָט ווי אַ בליץ דורך אַ וואָלקן זיך אַריינגעשניטן אין זיינע געהירן. אַ געהיימער כוח האָט העלערן פון משרד אַרויסגעטריבן.

אויף אַ זאַמדבערגל, ווייטער פון מענטשן און ים־גערויש האָט העלער זיך פאַרקליבן. אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די קליידער. זיך אַוועקגעלייגט אויפן בויך. דאָס זאַמד איז הייס. די זון וואָרעמט נאָך גוט. אַ קיל נאָכמיטאָג־ווינטל יאָגט אָן פון ים. ער קוקט זיך אַרום. אָ, ווער זעט ער? עטלעכע צענדליק מעטער ווייטער, ווו ס׳באָדן זיך איז שטרענג פאַרבאָטן, זעט ער איר, צעירה. לעבן איר — דער יונג, דער מורה נהיגה. אין טיפן זאַמד ליגן זיי, זייטיקלעך — פנים אל פנים. ער זעט נאָר יענעמס ברוינעם נאַקן און שוואַרצן באַ־טשופּרינעטן קאָפּ. און אָט איז דער ברוינער נאַקן און קאָפּ איבער איר. צעירהס הענט, דינע, ווייסע פינגער, וויקלען זיך שלאַנגיק אַרום אים.

כאָטש ס׳האַרץ האָט זיך געשראָקן פאַר דעם, וואָס די אויגן זעען, האָט דאָך אַהין געצויגן זיין בליק, ווי ס׳ציט אַ מענטש צו אַ תהום.

דער באַטשופּרינעטער קאָפּ באַוועגט זיך מיט קליינע פויזעס אַרויף און אַראָפּ איבער איר פנים. אָפּט, בעתן אַראָפּבייגן זיך, פאַרהאַלט זיך דער קאָפּ לענגער ווי מען באַדאַרף. דעם יונגס ליפּן זייגן זיך איין אין איר האַלדז. מיטן טאָלעכל, וואָס צווישן די בריסטלעך, טרינקט ער, דער יונג, דעם האָניק פון איר מיידלשער נאַקעטקייט. צעירהס ווייכע, ווייסע הענטלעך, די שמאָלע פינגער (דער לאַק אויף די נעגל גלאַנצט אין דער זון), דריקן צו זיך דעם קאָפּ.

די זון פאַרגייט אין צינאָבער–רויט. אַ מעכטיקער קאָפּ טוקט זיך אין ים. אַ ליכטזייל, אַ זילבער–זוניקער, שלאָגט אַרויס אויף דער אויבערפלאַך גרינגלאַנציק גלאָז: געקנייטשט גלאָז.

ווי אַ שפּירהונט ליגט ער, העלער. אַ שפּירהונט געטראָפן פון אַ קויל:

— צעירה. און מיט וועמען? — מורה נהיגה.

ער דערקענט אים. געזען אים עטלעכע מאָל דורכן פענצטער פון זיין חדר וואָרטן אויף איר. און זיינע אויגן ציִען צום אָפּגרונט.

אַ רואה ואינו נראה איז ער. עלטער איז נישט קיין בושה. אָבער ווייזן זיך פאַר ביידע אין פלאַזשע–לבוש — איז שוין גאָר נישט קיין חכמה:

געפאַלדעוועטער בויך; ס׳ברוסטפּלייש — קנייטש זיך, הענגט אַראָפּ; ביי־ניקע, דינע פיס, באַאָדערטע; לויזע מוסקלען; געבויגענער רוקן; איין אַקסל עטוואָס נידעריקער.

זי זעט אים נישט, צעירה. ניין, ער וועט זיך אַצינד נישט ווייזן. ער קען נישט צוזען — און ווי קען ער איר אין די אויגן אַריין קוקן — אין וועמעס הענט האָט זי מפקיר געווען איר גוף דעם קליינעם, ריינעם. אַ פּאַרמאַכטע שקאַטולקע. אַ קליינע שקאַטולקע און אין איר — אַ שיינע נשמה.

עראָטיק. ערדישקייט. און ער? ער זוכט אַ זאַך, וואָס איז נישט בנמצא — האָט ער צו זיך גערעדט.

עטלעכע צענדליק מעטער פון אים ליגן זיי. זי — אין אים. ער — אין איר. זי — ווייסער, ערשט־געפאַלענער שניי אויף הייסן זאַמד. ער — ווי דער ים, אַ גאָלדענער מיט שטורעם און מיט שוים.

איז זי טאַקע אַוועק, אַנטלאָפן פון אים, פון זיינע רייד, פון ווערטער־וואַלד? — האָט ער זיך אַליין געפרעגט און געוווּסט, אַז ער האָט אויף דער פראַגע קיין ענטפער נישט. זיינע רייד — קלאַנגען פאַרבלאָזע, אומ־קלאָרע, ווי פאַרבלאָז אומקלאָר ס׳איז זיין פּנים, דאָס אַלט־יונגע; אַ פּנים מיט נייגעריקע אויגן, אומרויִקע; אַרום זיי — קנייטשעלעך, וואָס דערציילן פון אַ וועלט אַן אָפּגעמעקטער, אַ געוועזענע וועלט, אַן אַנדערע, וואָס האָט מיט צעירהס וועלט, דער דאָיִקער קיין שייכות נישט.

ניין, זי איז נישט אַוועק. ס׳איז איר אוודאי נישט דאָס ערשטע מאָל. און ווען יאָ? מאָרגן וועט זי ווידער קומען אין משׂרד. ווי נעכטן, אייער־נעכטן זעצן זיך צו דער שרייבמאַשין. אירע איידעלע, צאַרטע פינגער וועלן ווידער לויפן איבער די שוואַרצע קנעפּלעך מיט ווייסע אותיות. נאָך דעם וועט זי זיך אַריינכאַפּן צו אים אויף אַ „קליינעם שמועס״. מיט אירע עלנ־בויגנס אויף זיין טיש, קעגן אים, אויף ביידע הענטלעך צונויפגעפלאָכטענע מיט די דלאָניעס אַראָפּ — אַוועקלייגן ס׳פּנימל אַזוי, אַז די גאָמבע און די אייגעלעך וועלן פרעגן:

— וואָס איז דיר, אַדון, אַ שלעכטע שטימונג?

ער וועט פרווון שמייכלען. אַ בייז פּנים מאַכט עלטער. ביי עלטערע

מענטשן ציטערן די הענט. מען ווערט לייכט אויף רוגזה. דער טראַט ווערט שווערער. די פיס שלעפּט מען נידעריק פון דער ערד. העלער וויל דאָס אַלץ אויסבאַהאַלטן פאַר צעירהס אויג. שמייכלט ער. דאָס שמייכעלע דאָס פאַרגיביקע — מסרט...

צעירה האָט דאָס נישט ליב. זי האָט אַ ברירה זיך אויפהייבן און אָוועקגיין פון זיין טיש. פון יוצא וועגן, צוזוואַרפן:

— איר קאָנט זיך זוכן אַן אַנדערע אַפּנעמערין. „אַפּנעמערין״ — זיין וואָרט. אַזוי האָט ער איר איין מאָל געזאָגט בעת אים האָט זיך געדאַכט, אַז זי האָרכט זיך איין אין זיינע רייד. אויב זי שטערט אים — קאָן זי בכלל די אַרבעט איבעררייסן. די אמא האָט געוואָלט זי זאָל זיך פאַרשרייבן אין אוניווערסיטעט. אַ טאָכטער אַ סטודענטין איז אוודאי שענער ווי „עפּעס אַ פּקידה״. אייגנטלעך האָט זי דאָ אָנגעהויבן אַרבעטן אויף פּראָבע. נאָר אַז מען זיצט שוין אַזוי באַלד צוויי יאָר, גייט זיך נישט אַזוי גרינג אָוועק — זאָגט די אמא. אַ חודשלעכער געהאַלט כל מיני תוספות. חופשות.

האָט אדון העלער איר נישט געזאָגט, אַז ס׳איז נישט כדאי צו טוישן די אַרבעט? פאַר יונגע מיידלעך און עלטערע לייט איז פּקידות די גלייכסטע זאַך. מיידלעך האָבן חתונה. אַ קינד. אַ מאַמע פון אַ קליין קינד אַרבעט ווייניקער אַ שעה אין טאָג. האָט מער סאָציאַלע רעכטן. דער געהאַלט — נישט קיין קליינער צושטייער צום מאַנס פאַרדינסטן. דאָס גלייכן — אַן עלטערער מענטש — חופש, פּענסיע. בכלל, אַרבעט מען ביי פּקידות נישט שווער. מען לאַנגווייליקט זיך נישט צופיל. מען זיצט — אַ טשוואַק אַן אַ קאַפּ... יעדעס יאָר, צוויי — נאָך צוויי פּינטעלעך, אַ דרגה. אַ טרעפּל העכער. מען וואַקסט. עלעהיי אַ קאַרטאָפל: מען ליגט אין דער ערד און מען... וואַקסט... און הלמאי זאָל זי לייקענען — ס׳איז איר גוט מיט אים, העלערן. ער איז איר אַזוי נאָענט. אדם נחמד. ער דערמאָנט איר אין דעם, וואָס איר איז אַזוי נייטיק — אַ טאַטן.

העלער ווייסט עס. איז דערפאַר נאָך גרעסער דער צער אויפן מיידל — און אויף זיך? — אויך דאָס ווייס ער: ער טאָר נישט זיין מער פאַר צעירה, ווי דאָס וואָס ער איז. פאַר וואָס ברענט אין אים פאַרדראָס? סאַראַ רעכט האָט ער אויף איר לעבן, אויף איר יוגנט?

צעירה — אַזוי נאָענט איז זי אים און — אַזוי ווייט...

אַ צעפּרעסענער פון חרטה און פון קנאה ליגט ער. נאָענט פון אים — זי און דער יונג. זי אין אַ ביקיני. — ער אין באַדהייזעלעך, וואָס דעקן אָפּ מער וויפל זיי פאַרשטעלן. איבער ביידע — אַ פאַרביק–רייכע פאַרגייענדיקע זון. אַ רויטע הופה. שוידערלעך־שיין און שטיל איז דער ים. אַ סודותדיק געפּליסטער פון די כוואַליעס. זיי באַדעקן מיט ווייסער שוים דעם הייסן ברעג. מיליאָנען יאָרן גייט אָן דאָס סודותדיקע געפּליסטער פון ים נאָך איידער אַ מענטשלעכער פוס האָט די ערד באַטראָטן. מיליאָנען יאָרן וועט עס נאָך אָנגיין. לאַנג נאָך אונדזער לעבן און נאָכן טויט וועט דער ים רוישן מיט התמדה, מיט גלייכגילט צו אַלץ, וואָס געדייעט אויף דער ערד. ליגט נישט אין דעם די גאַראַנטיע פון אייביקן קיום, פון שלמות?

כהרף–עין איז די זון פאַרגאַנגען. נאָך אַ טאָג פון זיינע טעג. אַ טאָג פון זיין לעבן, וואָס איז שוין הינטער אים, ווי די זון הינטערן ים. פחדים. אַנטוישונגען. די לעצטע גיהנום–יאָרן האָבן פאַרהאַרטעוועט זיין גוף. רחמנותדיק־סענטימענטאַל ווייכער געמאַכט זיין האַרץ. ס׳פייער האָט אויסגעברייטערט זיין תמיד–יונג, פאַרבענקט האַרץ — הינדעלע...

„פאַר וואָס גראַד אַצינד זיך דערמאָנט אין איר?"

„האָסטו זיך נישט אין דעם יונגן, שיינעם מיידעלע פאַרשטעלט?"

„הענג איך נישט מיין בענקשאַפט, מיין ליבע צו דיר אָן אין דער קליינער, שיינער צעירה?"

„אַזוי אומגעריכט אָפּגעשניטן דיך פון מיר, ווי מען נאָפּלט אָפּ אַ קינד פון דער מאַמעס בויך".

העלער האָט געוווּסט, אַז מיטן היינטיקן גיין אַהער האָט ער אָפּגעטאָן אַ גרויס נאַרישקייט. אַ נאַרישער גאַנג פון אַן אַלטן מאַן קעגן זיין אייגענעם רצון. ער קען נישט מיטן שכל משיג זיין, וואָס ער האָט אָפּגעטאָן. אַ געהיימער כוח געוועלטיקט איצט איבער אים. ער איז געגליכן צו אַ מענטש, וואָס איז מיט איין פוס אַריין אין גרענעץ. שטופּט דעם צווייטן פוס, כדי דעם ערשטן אַרויסצושלעפּן — און בלייבט מיט ביידע פיס שטעקן.

ער איז צוריקגעגאַנגען מיט דער הויפּט–גאַס פון צפון תל־אביב. זי מוז, זי וועט מיט דעם וועג אָנקומען פון ים. אַליין וועט זי גיין. דעם מורה

נהיגה אוודאי משלח געווען. אַליין מיט איינע פון די גאַסן, וואָס פירן פון ים וועט זי אָנקומען.

זיי ווינען נישט ווייט פון דער געגנט. ער איז ביי זיי — צעירה און איר מאַמע — אין שטוב נישט געווען. ער ווייסט די גאַס, דאָס הויז וווּ זיי ווינען. זי האָט אים געגעבן דעם אַדרעס און נישט פאַרבעטן. אָ, צו די זאַכן זענען זיי קלוג. ווער האָט זיי אָנגעשטעקט מיט אַזוי פיל תום און תיחכום אָט די לייכטפיסיקע, לייכטזיניקע שיינע מיידלעך? ווי גלייך, אומגעשראָקן זיי גייען אויף די קרומע, געדרייטע הינטערוועגלעך אויף קרומע טרעפּ, וואָס פירן צו די ליכטיקע פּאַלאַצן פון ווונדער און וויי. —

ווער שטעקט זיי אָן מיט חכמה און ספּריט פון ים־טויכער: דערגרונג־טעווען זיך צו די סאַמע טיפענישן פון אַ צעשטורעמט, פאַרליבט האַרץ, קלויבן די פּערל פון מאַנסבילישן שׂכל און — נישט דיר, נישט מיר — פאַרטאַכלעווען זיי, וואַרפן זיי אויפן מיסט, אין ים אַריין: אין ים פון לעבן.

וווּהין גייט ער. ווו וועט ער זי אַצינד געפינען, אין דעם כּרך, אויף דער רעשיק–רוישיקער גאַס?

תל–אביב, די יונגסטע שוועסטער־שטאָט נאָך חיפה, ירושלים — אַ שיינע, מאָדערנע, אויסגעוואַקסן־צעוואַקסענע שטאָט. נישט די פרומלעך–אַלטפרענקישע, טונקלפּנימדיקע, בחנטע ירושלים. נישט די באַשעפטיקט–ערנסטע, קאַלטע, שווערגופיקע חיפה. הולטייסקע, רייצנדיקע תל־אביב. צע־שפּילטע און צעשפּיליעטע, ווי דער ים. פריילעך־פייערלעכע, פילקאָליריקע צפון–תל־אביב. די אָוונט–ליכטער פאַריאָגן יעדן שפור פון וואָכעדיקייט. צינדן אָן הפקר־און האָפענונג–פייערלעך אין אַלעמענס אויגן. אַזאַ כּרך און ווי שמאָל איז דער לעבנס–שטח פון אַ מענטש. ער האָט אין דער גרויסער שטאָט זיך נישט וואָהין צו טאָן. וואָס גרעסער, רוישיקער די ליכטער — אַלץ גרעסער זיין עלנט. גלייך די צעשריגענע ליכטער וואָלטן זיך איינע־ווייניק אין אים אַריינגעריסן און אָפּגעדעקט פאַר אַלעמענס אויגן זיינע מחשבות, זיין ווונד. ער זעט אין די צעשפּיגלטע שוי־פענצטער זיין אויס־ראַזירט פּנים מיט די טיפע קאַרבן און שטערנקנייטשן, זיין עטוואָס־געבוי־גענע פּלייצע, געבראָכענעם גוף און לאַנגע פיס. ער זוכט אַ שאָטן, אַ ווינקל,

ער וויל זיך אָפּרוען, זיצן אויף אַ באַנק, צונויפנעמען, איינסדרן די געדאַנקען.

ביי נאַכט זעט דיזנגוף אויס גרעסער, ליכטיקער. אויך די פּרויען האָבן אַ באַזונדערע שיינקייט: לעצטע מאָדעס, עקסטראַוואַגאַנץ, קולטיווירטע נאַכלעסיקייט — אַ לעבעדיקער, פּולסירנדיקער הין־און־צוריק–שטראָם.

שיינע גאַסן. ברייטע טראָטואַרן. ליכט. לעבן. גייסט אין איין זייט און ס׳דאַכט זיך דיר, אַז אויף דער צווייטער זייט טראָטואַר איז רעשיקער, קאָלי־ריקער: בירהאַלעס; רעסטאָראַנען; קאַפעהייזער; שיינהייט–סאַלאָנען; רעש; רייד; רויך; ריחות פון האַרבע מאכלים; געבראָטענע פליישן.

העלער גייט, שפּאַנט מיטן הין־און־צוריק שטראָם פון מענטשן. ער שטעלט אַ ווײַלע זיך אָפּ, פאַרקוקט זיך: אַן אויסגעשטערנטער הימל; קלע־נערע, גרעסערע, בלענדיקע, בליציקע שטערן; יעדער מיט זיין אַרעאַל און גרייס. אויך דאָרט אין דער הייך צווישן די שטערן גייט אוודאי אַן ס׳אייביקע בלאָנדזשעניש. אַ יעדער שטערן האָט זיין מזל. אַ קעגנזייטיק צוציִען און אָפּשטויסן פון מזלות גייט דאָרט אָן, ווי דאָ, אויף דער ערד צווישן מענטשן: מעגלעך אויך צווישן חיות, געוויקסן.

טיילן נישט אָט די הימלישע קערפּערס דעם מענטשלעכן גורל? זענען אין חלל נישט פאַראַן געדאַנקען און געפיל–עלעקטראָנען — אַ טייל פון די עלעקטראָמאַגנעטישע און פסיכאָ־כעמישע דערשיינונגען, וואָס אויף דער ערד? ווערליק שפינאָזאן קאָן מען שוין היינט מיט מאַטעמאַטישע נוסחאות באַווייזן די עקסיסטענץ פון גאָט. אויך ניוטאָן האָט, קאַנטיק, געגלייבט אין קיום פון אַ געטלעכן כּוח.

העלערן לייגט זיך עס אויפן שכל:

ווי באַלד דער מענטש איז טעטיק ביז די לעצטע רגעס פון זיין לעבן — טראָץ דעם באַוווסטזיין, אַז ער איז שטערבלעך — משמע, אַז גאָט, די נאַטור, וואָס איז מער נישט בכוח אויפצוהאַלטן זיין דאַזיין אין דער גע־געבענער פאָרעם — איז מחויב צוגרייטן פאַר אים אַן אַנדערע פאָרעם פון עקסיסטענץ.

מיט אַנדערע ווערטער: געענוי, ווי דאָס לעבן געהערט צום טויט — געהערט דער טויט צום לעבן. דאָס איז דאָס געזעץ פון פּערמאַנענטן אומקרייז פון ערדקיילעך און אַלע הימלקערפּערס מיט זייער אכזריותדיקער פּינקט־

לעכקייט.

פאַרלייקענען, אָדער ספקן, אין דאָזיקן אייביקן גאַנג, מיינט אַזוי גוט, ווי פאַרלייקענען די אייגענע עקסיסטענץ.

ער גייט פאַרביי אַ האַלב־טונקעלע אַלעע, וואָס קרייצט זיך מיט דער הויפּטגאַס. זעצט זיך צו אויף אַ באַנק. אַנטקעגאיבערדיק זיצט אַ מיידל. אַזוי נאָענט פון אים און ער האָט זי נישט באַמערקט — וווּנדערט אים. אַ יונגע, אַ גאָר יונג מיידל. נאַכט־אויגן. לאַנגע, שוואַרצע האָר פאַרנומען אין אַ וואַלעק. אַרום וואַלעק — אַ רויטע, באַמבלדיקע סטענגע.

— שלום אדון — האָט זי אַ ווייסן שמייכל געטאָן.

ער האָט איר באַטראַכט:

אַ רויט זשאַקעטעלע פאַרוואָרפן איבער די אַקסלען; אַ זומער־קליידל פון ביליקן שטאָף; נאַקעטע פיס; רויטע לעטשלעך, אָפּגעטראָגענע. הויכע פיס, דינע, ווי פון אַ שטרויספויגל — גרייט אויף אַ הייב טאָן און זיך אָפּטראָגן.

— ווער ביסטו, מיידל?

— כ׳קאָן זיין דיינע, האָסט אַ שטוב?

ער האָט זיין פאַרוווּנדערטן עטוואָס אָפּווייכנדיקן בליק פון איר נישט אַראָפּגענומען.

— דאַרפסט זיך נישט בייזערן, אדון. שלום.

זי האָט זיך אויפגעהויבן און געלאָזט גיין. אומזיכערע, בלאָנדזשענדיקע טריט פון אַ היימלאָז מיידל. אַ פרעמדע, און אומבאַקאַנטע אויפן „שטח״ פון נישט וייטן שפת־הים. אַ פּראָווינצערין, קאָנטיק. די „מיידלעך״ פון דער גרויסער שטאָט „פאַרחברן״ זיך נישט אַזוי גיך מיט אַ פריש־צוגע־קומענער.

זי איז אוודאי פון דרום־לאַנד: אשקלון, דימונה, באר־שבע. געבראַכט געוואָרן אַהער אויף אַ נאַכט פון אַ גאַסט, אַ גרויסשטאָטישן, אַ צוגערייזטן. מסתמא אויך יונג אין „פאַך״. עטלעכע מעטער פון זיי האָט זיך רוישיק און מיט אימפעט אָפּגעשטעלט אַ פאָלקסוואָגן. זי איז צוגעגאַנגען, אַריינ־געשטעקט דעם קאָפּ אין פאָדערשטן פענצטערל. אַ געבויגענע — אַ לעבע־דיקער פרעגצייכן — איז זי אונטערגעשטאַנען עטלעכע מינוט. דאָס טירל

האָט זיך געעפנט. זי איז אַריין אינעווייניק און דאָס טירל הינטער זיך פאַרמאַכט מיט אַ קלאַפּ. ער האָט געהערט ס׳האָסטיקע לאָז טאָן זיך פון מאָטאָר. די מאַשין האָט מיט ווייכן געוואָקל זיך אַ ריס געטאָן פון אָרט.

רווישיקע, פּלווישיקע גאָסן. די ליכטער — קאַלט און אָפּשטויסנדיק. זיי פאַרשטאַרקן דעם גרויען אומעט, די אינעווייניקסטע נאַגעניש. דריי זאַכן מיידן נישט דעם מענטש — גייט ער און טראַכט — בלוטפאַרוואַנדשאַפט, עלטער, טויט. דאָס ערשטע איז שוין גאָר ווייט פון אים, דאָס צווייטע — מיינט מען שוין גראָד אים... און דאָס דריטע — טויט דערנענטערט זיך צו אים מיט גאָר שנעלע טריט.

תל־אביב דערמאָנט אים ווילנע פון זיינע בחורישע יאָרן. ווילנע, וואַרשע פון ניינצן ניין און דרייסיק, דאָס לעבן — אַ פּריילעכע שיף אויף רויִקע וואַסערן. הינטערן וואַסער — באַהאַלטענער שטורעם, שווערע וואָלקנס אויפן הימל, גאָלדענער האַרבסט מיט „דונער און בליץ״.

איז אַצינד דער אַהין־און צוריק־שפּאַציר אַ פאַרויסגאַנג צו אַ נייער צייט ?

צי איז עס יענע שיף אויפן „רויִקן״ וואַסער מיט באַהאַלטענעם שטורעם ?
יונגער מענטשנשטראָם יאָגט פון ערגעץ אין ערגעץ נישט.
אַלע קלאַפּן אין פאַרמאַכטע טירן.
אַלע רייסן זיך אין אָפענע טירן אַריין.
כּרך — נייער סדום : צי קענסטו אַנציילן צען צדיקים ?
צי וועט גאָטס אַטעם־אַטאָם דיך חרוב מאַכן ?
ייִדישע שטאָט, פאַר וואָס ווילסטו ווערן ככל הגויים ?

אַ בלאָנדזשענדיקער וואָלף אין מענטשנוואָלד קומט ער זיך אויס. אַן אַלטער וואָלף פון אַ לעצטער סטאַדע — ביי די זייטן וועג : ער וואָיעט שטיל אין דער נאַכט אַריין : וואָיעט צו די רעשיקע ליכטער, ווי דער הונט ביי יעסענינען צו דער לבנה — אַ פאַרלאָרן געוואָי.

ניין. נישט קיין וואָלף. נישט קיין הונט. אַ מענטש איז ער. אַ ייִד. בלויז ייִדן זעט ער דאָ. ווי אַזוי האָבן די־אַ ייִדן אויסגעזען, וואָס פאַר אַ פּנים האָבן זיי געהאַט, מיט דרייסיק, קנאַפּע פערציק יאָר צוריק דאָרט, ווען אַלע ליכטער זענען מיט אַ מאָל אויסגעלאָשן געוואָרן.

דאָרטן אין די פינצטערע קאַצעטן, געטאָס, אומשלאַגפּלעצער ? —

זוכן זיי נישט דאָ, אויף די רוישיקע, פּלוישיקע גאַסן, אין דער גרויסער ליכטיקייט דאָס, וואָס זיי האָבן דאָרטן פאַרלוירן ?

איז אפשר דאָס יונגע, שיינע גאַסן–מיידל אַ קינדס–קינד פון איינער, וואָס האָט אין די לעצטע, וואַנזיניקע מינוטן פון ערב–אומקום — איר געבוירן ?

העלער פילט, ווי זיינע פיס ווערן שווערער. דער טראָט — מידער. אַ גאַנצן טאָג גאָרנישט געהאַט אין מויל. אין גאַנצן פאַרגעסן אין זיך. ער זוכט אַצינד אַ באַנק, אַוועקזעצן זיך אָפּרוען. די אויגן — אַרויסגעדרייטע קנויטן פון אַ נאַפטלאָמפּ : צאַנקענדיקע פייערלעך ; וועמען נאָך זוכן זיי די פייערלעך — חוץ אַ באַנק ?

זיי האָבן געפונען...

## יב

אויף אַ באַנק אין סקווער זענען זיי געזעסן. אַ פאָנטאַן אין מיטן סקווער. פון פינף שלאַנגען–פּיסקלעך פאַרהייבן זיך וואַסער–רערלעך. אַרויף, אַרויף שטראָמען זיי, די שמאָלע, קרישטאָלענע וואַסער–רערלעך — געשליפן גלאָז. זיי שלאָגן זיך אָן איינס אין אַנדערן. צעברעכן זיך און פאַלן פון דער הייך צעבראָזגעטע צוריק אין וואַסער–שפּיגל.

ס׳ליכט פון די עלעקטרישע לאָמפּן צעהאָנגענע איבער דיביימער — רייסט זיך דורך די בלעטער־קרוינען איבער די בענק. ליכט און שאָטן פאַלט און שפּרייט זיך אויפן נידעריק–געשניטענעם גראָז. אויף די אַספאַלט–סטעזשקעס, ווי טיגרענע פעלן.

אַ ים–ריח, אַ הייסער, געזאַלצענער האָט געשלאָגן פון צעירה. זי טראָגט אויף זיך אַ לייכט זומער־קליידל. די האָר — פּייכט און דין–צעקעמט — איבער די אַקסלען. אַ זאַמדשטויב האָט געליכטיקט אויף איר הויכן, ווייסן האַלדז. ווען, ווי אַזוי האָט זי די קליידער געביטן — האָט אים שטאַרק געוווּנדערט. עטוואָס מאַטער האָט דער זאַמד־שטויב אויסגעזען אויף אירע קני פון אונטערן קורצן קליידל. אויף אירע פיספינגער — סימנים פון איילע־ניש אָפּגעריבענע סמאָלע–פלעקן.

— צו ווען האָסטו זיך אַזוי געיאָגט, אַז די סמאָלע פון די פינגער נישט קיין צייט געהאַט אַראָפּצונעמען?

— אַהיים.

— האָסטו נישט געזאָגט דער מאַמען, אַז דו האָסט היינט אַ שיעור גהיגה?

— געזאָגט, אַז כ׳וועל פאַרשפּעטיקן.

זיי האָבן זיך איבערגעקוקט.

— און פון משרד ביסטו, דאַכט זיך, היינט אַוועק מיט צוויי שעה פריִער.

— כ׳בעט אייך, אדון העלער, פאַרשט מיך נישט.

איך האָב נישט קיין רעכט דערצו.

— בדיוק.

— ווילסט שוין גיין?

— כ׳האָב עס נישט געזאָגט. און איר, אדון העלער, וואָס טוט איר דאָ אין דער שעה?

— צעירה???

ער ווייסט נישט ווי אַזוי, פאַר וואָס דאָס וואָרט איז אים פון מויל אַרויס.

ביידע האָבן געשוויגן.

— פאַר וואָס זענט איר אַזוי טרויעריק, העלער?

— איך? טרויעריק?

— יאָ.

— ווי באַלד דו זעסט — צו וואָס זשע פרעגסטו?

ווען זי וואָלט זיך נישט געאיילט, ווען זי האָט נישט דאַקעגן, וואָלט מען נאָך אונטערגעזעסן אַ ביסל — האָט ער ווי צו זיך געזאָגט.

— אַ צווייט מאָל, אדון העלער.

— און איך וואָלט וועלן אַצינד מיט דיר אַ רעד טאָן. אין משרד איז שווערלעך וועגן די זאַכן צו ריידן.

— וועלכע זאַכן?

— מיידעלע, דו פיקסט מיטן שנאָבעלע אין מיין מוח, ווי איין האָן דזשאָבעט דעם צווייטן אויפן אָרט פון דער וווּנד...

צעירה האָט געשפּירט אין העלערס שטים ווייטיק און איינגעהאַלטענעם

צאַרן.

אַ פּלעדערמויז איז אַרויס פון הינטער אַ בוים. מיט שאַרפן פּאַך פון צעעפנטע פליגל אַ שער געטאָן דעם קרעפּ פון בלויען נאַכט „שטאָף" איבער זייערע קעפּ. אַ פייערפליג האָט פון גראָז אַרויס אַ פינקל געטאָן. אַ צעצויגענער פייף פון אַ שיפל אויפן ים — לינקס פון סקוועד — האָט זיך צו זייערע אויערן דערטראָגן.

— צעירה — האָט העלער געזאָגט, כדי צום שווערן שווייגן אַ סוף מאַכן.

אויך צעירה האָט געוואָלט עפּעס זאָגן און נישט געוווסט, ווי אַזוי, פון וואָס אָנהייבן.

זי קען אים נישט נאַרן, העלערן. און ווי קען זי אים דעם אמת דער־ציילן ? — חוץ מזה איז זי כמעט זיכער, אַ געפיל זאָגט איר אונטער, אַז ער ווייסט, העלער, אַלץ וואָס מיט איר איז פאָרגעקומען. זי זעט עס אויף זיין פּנים. הערט עס אין זיין קול. און זי וויל אַזוי פאַרגעסן. ניין, זי איז נישט געווען דערביי. נישט מיט איר איז עס געשען, זי גלייבט זיך נישט, אַז זי האָט אַזאַ זאַך אָפּגעטאָן. כאַטש ערגעץ אין אַ ווינקעלע פון דער נשמה טראָגט יעדער אַ שטיקעלע דזשונגל. — איר אמא האָט איר דערציילט — פון אייגענעם נסיון האָט זי איר דערציילט : זי האָט קיין יוגנט נישט געהאַט, אַ קיילעכדיקע יתומה צו אַכצן יאָר. דייטשלאַנד. איר מאַמען (די סבתא) מקבר געווען אויף פרעמדער ערד ; אַ חופּה געשטעלט מיט איינעם, וואָס האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ ווייטן קרוב... ווייט פון אמת איז עס געווען. אַ קראַנקער מענטש, אַן אומגליקלעכער, איינער פון די גרעסטעוועטע פון די טויטן–לאַגערן. צו רחמים איז ער ראוי — דיין טאַטע. אַ, רחמים, טאָכ־טערשי, וועגט אַ מאָל איבער די תשוקה. אַוועקגעפאָרן מיט אַ מענטש וואָס איז איר פרעמד, אין אַ פרעמד לאַנד. זי האָט ליב געהאַט עמעצן. עמעצער האָט איר ליב געהאַט. אָבער דער גורל האָט אַנדערש געוואָלט — דער מענטש טראַכט און גאָט לאַכט.

וועגן דער מאַמעס רייד צו איר טראַכט זי אַצינד, גראָד אַצינד. פאַר וואָס ? — ווייסט זי נישט. יאָ, זי ווייסט פאַר וואָס, עס מאַכט איר גרינגער, עס מאַכט איר פאַרגעסן אין מורה נהיגה : אין זיין חיבוק פּראַי, ווי ער האָט עס מיט אַ פרעך געלעכטערל געכיכיקעט איר אין פּנים אַריין. ווי אַ חיה

האַלט אין אירע צײנער אַ „טרף קל״ — האָבן זײנע שטאַרקע אָרעמס באַצוווּנגען איר גוף. פאַר וואָס האָט זי זיך נישט געווערט? ווי אַזוי האָט ער איר געמאַכט פאַרגעסן אין זיך: פאַרלירן די חושים... די שליטה איבער זיך פאַרלירן... ערשט נאָך דעם האָט זי זיך געכאַפּט, געפּרוּווט אַרױס־שטאַמלען.

— אני אוהבת כנות וטוהר. עשית חטא היא למורת רוחי.

נאַרישע ווערטער... און נאָך אַלעמען... זי שעמט זיך אַצינד פאַר דעם אַלטן מאַן, וואָס זיצט לעם איר אויף דער באַנק: ווי קען זי אים קוקן אין די אויגן אַריין, העלערן? זי איז מיד אַצינד. עס איבלט אין האַרץ און דער מוח איז ליידיק... זי וועט עס אים זאָגן, אוודאי וועט זי אים דערציילן, העלערן. ער וועט פאַרשטיין. זי וועט אים אַצינד זאָגן אַ גוטע נאַכט. מאָרגן, איבערמאָרגן וועט זי אים אַלץ דערציילן. איין בקשה האָט זי צו אים אַצינד: אונטערזיצן דאָ מיט איר נאָך אַביסעלע און.... שווייגן. אויך איר לאָזן שווייגן. זי וויל זיך איינהערן אין דער תפילה, וואָס אין איר האַרץ — אַ שטילע תפילה: ...רחמים. חסד. ליבע. אַ ליבע, וואָס זאָל טרייסטן און דערפרייען. אויסלייזן איר גוף פון טמא הענט: אים שטאַרקן און באַשיצן. פאַריאָגן אַלע שלעכטע, פייניקנדיקע מחשבות. זי דאַרף אַ ליבע, וואָס זאָל איר אויסהיטן פון שוואַכקייט און שטרויכל: מכפּר זײן אויף שלעכטע מעשים, אומזיניקייטן אין איר יונג, אומדערפאַרן לעבן...

— איר׳ט מיך אונטערפירן אַביסעלע, אדון העלער?

— פאַר וואָס נישט, צעירהלע, ביסט מיד, מיידעלע. צייט אַהיימצוגיין.

יג

די שמועות האָבן זיך באַשטעטיקט. גנביס וויזיטן אין די סניפים זענען שוין קיין סוד נישט געווען. אויך די צענטראַלע האָט שוין לענגער נישט געקענט שווייגן.

אומעסטעטיש זיין עס־טעטיקייט — האָט מען זיך אויף זיין חשבון געוויצלט. דאָס ווייכט אָפּ פון גוטן טעם — האָט מען אין ירושלים הויך געשוויגן.

כילד שסרח פאַרט ער אַצינד איבער די סניפים, גנבי „הרזה״, זוכט זיי

אויס די זוטרעס, די איכפּתניקעס — ער וויל מיט זיי רעדן.

ווידער זיצט ער ביי העלערן.

דאָס מאָל האָט ער זיך אַליין צו אים פאַרבעטן. ער האָט צייט. אַ סך צייט. ער, העלער, קען רעדן צו אים דוגרי, כחבר אל חברו. דרך אגב:

— ווי האַלט עס מיט אייער דרגה? שיבוץ?

ער רויכערט און רעדט, גנני. איז צופרידן, וואָס העלער שאָקלט צו מיטן קאָפּ אויף אַלץ וואָס ער זאָגט. אַ סימן, נישט אין אַלע סניפים האַלט מען אים טאָקע פאַר אַזאַ זולל וסובאניק. העלער איז אויך צופרידן, ער האָט אַ טבע, טאָמער וויל ער פּטור ווערן פון עמעצן, דאַרף עפּעס זאָגן און האָט נישט וואָס — שטעלט ער אָן אַ פּנים פון הסכמה.

להוט אַרויסצובאַקומען פון העלערן אַ וואָרט — הערט ער נישט אויף רעדן:

אַ סאַברע בן–סאַברע איז ער. ווען זיין אבא איז אַהער געקומען איז קיין בית–עולים נישט געווען, נישט קיין סוכנות, הלוואות, שיכונים. מען האָט געגעסן קרענק מיט קדחת, קיין אַרבעט איז נישט געווען, כיבוש השממה, כיבוש העבודה.

מיט דער צווייטער עליה איז ער געקומען, זיין אבא. ער דערציילט:

מיט אַ קליין משא–שיפל האָט מען זיך אַהער געשלעפּט אַזש פון איס־טאַמבול. קלעצער, זעק טאַבאַק, צעמענט. איבער דער לאַדונג, ווי גרויסע וויגן אויף שטריק, העגגען בעטלעך נידעריק איינס איבערן אַנדערן. ענג־שאָפּט, שלעכטער ריח, ים–קראַנקייט. בעתן אויפזעצן זיך פּילסטו איבערן קאָפּ אַ שכן. שוואַך–באַלויכטענע קאַיוטעס. די דורכגענג פאַרלייגט מיט געהילץ, פּעק, וואַליזעס. אַ מאַן דרייצן זענען זיי געווען. דריי מאַנאַכן אין לאַנגע, ברוינע שלעפּקליידער, סאַנדאַלן, האַלז–קלאַפּערס אויף די פּיס. ספּרימלעך אין די הענט — ווייכע, ווייסע הענט אין קלאַש־אַרבל, בלאַסע פּנימער, זילבערנע צלמלעך אויף די העלדזער. גלאַנציקע קנעפּ אויף די מאַנטלען.

דריי עלטערע ייִדן — לאַנג–געקליידעטע. איינער, אַ מאַן מיט אַ געדיכטער, שוואַרצער באָרד. טראָגט אַ קאַפּאָטע פון טונקעלן געוואַנט. שטיבלעטן און אַ סאַמעטענע קעפּקע — ספּק־היטל, ספּק־טערקישע קוטשמע.

עטלעכע בחורים אין סוועטערס, סאַטינענע רובאַשקעס, צעהיצטע פּני־מער, מען אַמפּערט זיך: „עקסטעריטאַריאַליזם". „עמיגראַציע". „רוסיש אָדער עברית".

העכער פינף וואָכן אויפן ים. אין די נעכט האָט געשראָקן די טונקעלע אומענדלעכקייט. בייזע, שוימיקע כוואַליעס. הונגעריק, אָן פּראָוויאַנט, אָן געלט.

דער שוואַכער רעדער־געריש, דאָס פאַרדושעטע דעכען, דאָס קלאַפּן פון מאָטאָר האָט דערמאָנט אין אַ סאָפּענדיק אָטעמען פון אַ גוסס.

קנאַפּע אַכציק יאָר זינט דעמאָלט. עקאַליפּטוסן אין חדרה געפלאַנצט. אין אַ שטיינהאַקעריי ביים ים־המלח געאַרבעט. שמירה אין די פּרדסים. אויף די פעלדער פון ראשון־לציון, נחלת־ראובן — היינטיקע נס־ציונה — שווערע אַרבעט ביי די פּתח־תּקוה'ער בועזים. געוווינט אין פאַרלאָזטע אַראַבישע קרעטשמעס, ליים־קיביטקעס, געצעלטן.

...געבוירן אין דגניה, געדענקט ער נאָך דעם חאַן* אויף אַ שפּיץ בערגל. כנרת. אַ וויסטע ליידיקייט אַרום. ווייטער, צפונדיק — דער חרמון מיטן אייביקן שניי.

אין די ווינטערס איז גערונען פון דאַך, פון די ווענט. ווילדע ווינטן האָבן זיך אַריינגעריסן דורך די לעכער און שפּאַלטן.

איין צריף איז ביז היינט שטיין געבליבן. ווי אַ טויבנשלאַק זעט אויס דער צריף אַקעגן די ניי־אויסגעבויטע הייזער: אַ ליידיקער טויבנשלאַק.

אַ ייִנגעלע פון אַ יאָר פופצן האָט ער, גנבי, מיט אַ טוריה אין האַנט געהאָלפן דעם אבא אָפּרייניקן דעם שטח פון שטיינער און סקאַלעס. אַרויס־רייסן דאָס ווילדגראָז. צוגרייטן דעם באָדן צו אַקער און פאַרזיי. דער גאַנצער גליל איז דעמאָלט געווען אַ פולווערפאַס. און די אינערלעכע אַרומ־רייסעניש צווישן די בעדואינער שבטים? רויב־אָנפאַלן, גאולת־דם־גע־שלעגן. ווי נאָפּט אויף פייער זענען געווען די ניי־צוגעקומענע ייִדישע דערפער און ווירטשאַפטן.

קנאַפּע פערציק יאָר זינט דעמאָלט און — — — —

* אַראַביש — אַכסניה.

איר מיינט, אדון גנני — האָט אים העלער איבערגעריסן די צו לאַנגע מעשה — איר מיינט, אַז מעבר לים, אין אייראָפּע האָט מען די פּערציק יאָר געלעקט האָניק?

— חלילה. איך האָב עס נישט געזאָגט. כ׳מיין... אַקעגן דעם, וואָס מען שמועסט... קען ער אים אפשר זאָגן, העלער, וואָס אַ שטייגער שמועסט מען?



העכער צוויי חדשים, ווי דער מנכ״ל איז אַרויס אויף פּענסיע. ס׳בענקל איז לעת־עתה נישט באַזעצט. זיין, גנניס, בענקל. פּאַר וואָס פאַרגינט מען אים נישט? נו, לאָמיר זאָגן איבערגעכאַפּט די מאָס. — איז דער מאמר „אין עונשין אלא אם כן מזהירין״ נישט חל אויף אים, דעם וותיק, גנני?

די ידידים, חברים לעבודה, מנהלי הסניפים (צוויי און צוואָנציק סניפים אין לאַנד) ווו זענען? האָבן נישט אַלע געפּראַוועט מיט אים די סעודות? נישט געווען קיין איינער, וואָס זאָל אים גוטברודעריש אַ קלעפּל טאָן אין פּלייצע:

— שמע, אריה: תפסיק עם זה — הער אויף!

אַלע הייבן אַצינד מיט די אַקסלען. מאַכן אַ פּנים, ווי איינער רעדט:

— מצטער, ס׳איז דיין זאַך.

מען איז זיך נוהג מיט אים ווי מיט אַ יורד מנכסיו: אַראָפּ פון דער גדולה. וואָס זוכט מען ביי אים שעטנז? און זיי זענען אַלע אַ טלית שכולה תכלת?

גאָר שטאַרק פאַרדריסט אים אויף דגני. ווער איז ער סך־הכל, דגני? איש פּעריפעריע. אַ זייטיקער מענטש. אַן אַלטער עולה חדש. געקומען פון יענע לענדער, ווו קעפּן אַ מענטש (דאָ הייסט עס: רצח אופי) איז אַ טאָג־טעגלעכע זאַך. אָט צו וואָס מען איז דאָ דערגאַנגען.

אין די סניפים האָט מען זיך אויף די רייד שוין אויפגעהערט וווּנדערן:

— ווי גרינג אַ סמנכ״ל זאָגט ער אַרויס דעם „זיי״ און דעם „טלית שכולה תכלת...

— שפּייט אין דעם ברונעם פון וואַנען ער האָט געטרונקען.

— טרינקט עד היום.

— נו, שוין זשע, איז אַ בענקל פון אַ מנכ״ל עלול להעביר את אדם על דעתו ?

— ישגע את השכל.

העלער האָט בבדיחת־הדעת אַריינגעוואָרפן :

— ס׳שטייט דאָך בפירוש געשריבן : ושמן ויעוות.

און גנני — ביי ס׳זייניקע :

באשר ס׳דרייען זיך נאָך עטלעכע קאַנדידאַטן, סטודענטן, אַקאַדעמי־קער : יונגע פאַרשוינען, נישט געפּאַקט, נישט געמאָזלט — מנכ״ל. אַנדערש פּאַסט זיי נישט. ער מיידט זיי לחלוטין אויס. וויל גאָר נישט רעדן וועגן דעם. די צרה איז אָבער, וואָס אויסמיידן טראַכטן וועגן זיי, די צוציקעס, קומט אים אָן שווערער. וואָס מער ער וויל אָפּיאָגן די דאָזיקע מחשבות — אַלץ מער ראָיען זיי אַרום אים, ווי פליגן אַרום אַ פּגר.

ער האָט פון דעסטוועגן געפּרוּווט איבערכאַפּן עטלעכע ווערטער דערוועגן מיט אייניקע פון דער הנהלה — וותיקים, ווי ער. זיי שווייגן. נו, שוין זשע איז וותיק אַ גנאַי־וואָרט ? אמת, די וותיקים ווערן אַ מעוט. נו, האָט מען מורא אויפצוהייבן ס׳קול ?

איינער פון דער הנהלה זאָל אים האָבן געזאָגט :

— דער מוסד נייטיקט זיך אַצינד אין יונגע מענטשן. נייע פּנימער, נײַ יונג בלוט, יונגע כוחות, אַקאַדעמיקער. אָפּווישן דעם שימל און דעם דרימל פון פאַרעלטערטן פּנים פון מוסד...

— נכון, דעריבער ?

— וואָלט אפשר געווונטשן געווען אַרויסגיין אויף... פּנסיה מוקדמת.

— פרישה מוקדמת ? ער, גנני ? סך־הכל אַ בן־ששים : איז ער שוין בטל בששים ?

ער קומט זיך אויס, גנני, ווי ער דאַרף איבערשפּאַנען אַ וואַסער און ער האָט די הויזן נאָך נישט פאַרקאַטשעט. — הינטער אים שטייט מען און מען שטויסט, מען שטופּט אין וואַסער אַריין.

און קיין וועג אויף צוריק איז נישטאָ.

אַהאָ. מ׳וויל, אַ פּנים, פּטור ווערן פון עלטערן דור : פקידים — וותיקים.

פאַר וואָס זשע דווקא אָנהייבן פון אים? נאָך עפּעס האָט ער געהערט אין אַ משרד ממשלתי מיט עטלעכע חדשים צוריק איז עס געשען:

אין איינעם אַן אין דער פרי האָט דער סמנכ״ל געעפנט די טיר פון זיין קאַבינעט און געזען נאָך אַ טיש, אַ שטול, אַ מענטש.

— מי אתה, ידידי — האָט ער אים געפרעגט.

— סמנכ״ל — האָט דאָס יונגע פּנים פריינדלעך געשמייכלט צו אים.

אויף דעם פאַרווונדערטן קוק אין די אויגן פון אַריינגעקומענעם האָט יענער מיט גאָר באַנייטער פריינדלעכקייט צוגעגעבן:

אין צווייען וועט זיין גרינגער, נישט אַזוי?

און ס׳שווייגעניש פון ביידע האָט אָנגעהאַלטן. ענג אין האַלדז איז גע־וואָרן דעם סמנכ״ל און ער האָט מיט אַ הייזעריקער שטימע געמורמלט, ווי צו זיך אַליין:

— היתכן ?... צוויי ?.... אָן זיין וויסן ?..

און עס איז אַוועק אַ סדרה בירורים עירעורים אַ בורר–קאָמיסיע. נאָך אַ קאָמיסיע. גאָרנישט. עמעצער האָט זיך פון דעסוועגן אָפּגעפינען, דער עמעצער האָט געזאָגט:

— לא מתאים למנכ״ל המוסד.

דאָס וואָרט „לא מתאים" איז גנבין גריילעך גוט באַקאַנט. אַ סך מאָל האָט ער אַליין זיך באַנוצט דערמיט בעתן אָקצעפּטירן הן או לאו מתאים פלוני, אלמוני צו דעם אָדער יענעם תפקיד.

די סיבה פאַר וואָס נישט — האָט ער קיין מאָל נישט געזאָגט. נישט מחויב צו זאָגן. יענער וועט זיך שוין אַליין אָנשטויסן. המבין — יבין.

זאָל עס טאַקע אויך מיט אים אַצינד אַזוי טרעפן?



יענע נאַכט האָט צעירה קיין אויג נישט צוגעטאָן. נאָכן געזעגענען זיך מיט העלערן איז זי גיך אַריין אין שטוב. געטראָפן דער מאַמען ביים פענ־צטער אַ נישט אויסגעטוענע. זי איז געזעסן און אַרויסגעקוקט.

— אַזוי שפּעט, טאָכטערשי?

— כ׳האָב דאָך דיר געזאָגט, אַז כ׳ל שפּעט אַהיימקומען.

— און פאַר וואָס אַזוי בלייך? איז דיר, חלילה, עפּעס געשען?
— גאָרנישט, אמא.
— און דיין קול? עפּעס איז עס נישט דיין קול.
— אוי, לאָז מיר, אמא. כ׳גיי זיך אַרומוואַשן — האָט צעירה אָפּגע־דרייט איר פּנים און זיך געלאָזט גיין אין באַד–צימער.
אויפן ראַנד־בעט זענען זיי געזעסן — מאַמע און טאָכטער. אַן אייג־געטוליעטע אין זיך, אין אַ דינעם שלאַפּראָק אַרומגענומען, מיט צעקעמטע האָר, נאַסע, ביז איבער די אַקסלען — איז צעירה געזעסן און געשוויגן. איר מאַמען איז דאָס שווייגן נישט געפעלן. האָט זי צוגעלייגט אַ האַנט צו איר שטערן, אים מיט די ליפּן אַ טאַפּ געטאָן: האָט זי נישט קיין היץ? וואָס ציטערט זי. אין שטוב איז דאָך נישט קאַלט.
— וואָס איז דיר, טאָכטערשי? — האָט זי מיט שרעק אין קול נאָך אַמאָל געפרעגט.
— גאָרנישט, אמא.
— וואָזשע וויינסטו?
— ניין. כ׳ל נישט וויינען מער. לאָז מיך, אמא, לאָז מיך צו רו.
— ניין, עפּעס איז מיט דיר געשען. דו וועסט מיר אַלץ דערציילן, וועסטו מיר.
צעירה האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף יאָ.
— נו, וואָזשע שווייגסטו?
כ׳בין מיד, אמא.
— צירעלע, אפשר אַ דאָקטאָר אַרויסרופן?
— מה פּתאום?
— נו, דערצייל, דערצייל דער מאַמען. אפשר פריִער עפּעס איבערכאַפּן. אוודאי אַ גאַנצן טאָג נישט געגעסן. אוי, שיעור־נהיגה. די שיעורי נהיגה מאַטערן אויס... מאַכן פון דיר אַ תל.
— יאָ. אַ תל, אמא.
— אפשר ס׳טו איבעררייסן? אַפּרוען זיך עטלעכע וואָכן?
— כ׳האָב שוין איבערגעריסן. צוריק פון שיעור–נהיגה האָב איך גע־טראָפן דעם עלטערן מאַן, דעם פּקיד. כ׳האָב דיר שוין וויפל מאָל דערציילט

וועגן אים.

— דערציילט. נו, איז וואָס ? וואָס קערט זיך דאָס אָן מיטן שיעור־נהיגה ?

— ניין, סתם...

—כ׳פאַרשטיי דיך נישט, צירעלע.

— ניין, אמא : דו וועסט נישט פאַרשטיין. איך אַליין... איך אַליין פאַר־שטיי נישט ווי אַזוי ס׳איז געשען.

— מיטן עלטערן מאַן, דעם פּקיד ?

— מיטן מורה נהיגה.

— וואָס ?... וואָס... שטאַמלסטו, טאָכטערשי ?..

אין צעירהס אויגן האָבן זיך טרערן געשטעלט. זי האָט אָפּגעדרייט דעם קאָפּ אין אַ זייט. אין ציטערן פון צעירהס אַקסלען, אין די אָפּגעהאַקטע, האַסטיקע אָטעם־צוגן — האָט זי געזען, איר מאַמע, אַז זי דאַרף איר מער גאָר נישט פרעגן...

אַ האַלבע נאַכט זענען זיי געזעסן אויפן ראַנד–בעט. צעירה האָט דער־ציילט אַלץ וואָס מיט איר איז פאָרגעקומען. איבערגעריסן און ווידער אָנגעהויבן. זי האָט נישט געוויינט, צעירה. זי האָט גערעדט. ביי יעדן אָטעם–פויזע אָפּגעסאַפּעט, ווי בעתן קלעטערן אויף אַ באַרג. נישט „ס׳קלעטערן" נאָר דעם פחד נישט „אַראָפּצופאַלן" — האָט באַשווערט צעירהס אָטעם.

מער ווי געוויינלעכע ליבשאַפט האָט מאַמע און טאָכטער געבונדן. צוויי פרויען, יעדע איינע מיט איר סוד, זענען נאָענט פון זיך געזעסן, ווי זיי וואָלטן זיך וועלן איינהערן אין דעם שטום–לשון פון זייערע נשמות...

ניין. צעירה איז אין די אויגן פון איר מאַמען נישט אַראָפּגעפאַלן. איר מאַמע האָט די גאַנצע צייט זיך איינגעהאָרכט אין איר טאָכטערס רייד. צוגע־שאָקלט מיטן קאָפּ. פון אירע מויל–ווינקלען האָט עפּעס ענלעכס אויף אַ שמייכעלע — אַ ביטער שמייכעלע פון הסכמה — אַ קאָלער געטאָן זיך צו־זאַמען מיט צוויי ווערטער :

— מיסכנה שלי.

— אויף צוריק פון שפת–הים — האָט צעירה ווידער אָנגעהויבן ווי פון מיטן — האָט זי צופעליק געטראָפן דעם עלטערן מאַן, דעם פּקיד, פון

די וותיקים אין משרד. ער האָט צו איר אַזוי איידל גערעדט. ווי אַ טאַטע האָט ער צו איר גערעדט. ער האָט מיך פאַרשטאַנען. אויך אויף דער אַרבעט איז ער צו איר אַזוי. אדם מקסים. אַליין. און אַלטער רווק. מיסכן. ער האָט מיך צוגעפירט ביז צו די טרעפּ.

— וועמען מיינסטו, פון וועמען רעדסטו, טאַכטערשי? עפּעס האָסטו דאָך געזאָגט פריִער, מורה־נהיגה? —

— וואַרט אַ ווײַלע, אמא. האָב איך דיר נישט תמיד דערציילט וועגן עלטערן מאַן? געוואָלט אים איין מאָל פאַרבעטן אין שטוב אַריין?

— כ׳געדענק נישט. נישט וויכטיק מיר אַצינד די סיפּורים פון עלטערן מאַן.

— אים איז גראָד יאָ וויכטיק. ער האָט מיך געפרעגט וועגן דיר: ווער ביסטו? פון וואַנען געקומען? וואָס טוסטו? וועגן זיך האָט ער מיר דער־ציילט. ווען ער קוקט אויף מיר, זאָגט ער, איז ווי ער וואָלט מישן בלעטער פון אַן אַלבום — בלעטער פון זיין לעבן. איך דערמאָן אים אין עפּעס: דייטשלאַנד. ד. פּ.–לאַגער. אַ מאַמע מיט אַ טאָכטער. אַן אַפּטער איינגייער ביי זיי אין שטוב געוועזן. שווער, זאָגט ער, אין ווערטער איבערצוגעבן, וואָס ער איז פאַר זיי געווען. וואָס זיי זענען פאַר אים געווען.

— דאָס ערשטע מאָל, מיידעלע, הער איך פון דיר אַזעלכע ווערטער.

— און איך האָב אים באמת נישט פאַרשטאַנען. קצת מוזר... מעבר לים זענען זיי פון דייטשלאַנד אַוועקגעפאָרן, ס׳הייסט זי אַליין די טאָכטער. די מאַמע אירע איז געשטאָרבן. פון דעמאָלט האָט ער נישט געהערט פון זיי.

— צירעלע? וואָס דווקא הייַנט דערציילסטו מיר דאָס אַלץ? ס׳ערשטע מאָל הער איך פון דיר אַזעלכע זאַכן. ווי אַזוי זעט ער אויס? ווי אַזוי הייסט ער?

— אַ הויכער ברונעטער מאַן. גראָע שלייפן. טונקל–ברוינע אויגן. אַ מאַן אין די יאָרן. העלער הייסט ער. טוביה העלער.

— טוביה העלער?...

— סאַראַ חילוק דער נאָמען? וואָס איז דען וויכטיק ווי אַזוי ער הייסט? וואָס איז דיר אמא? פאַר וואָס איז דיין פּנים אַזוי בלייך? אמא?...

עטלעכע מינוט האָט אָנגעהאַלטן ס׳שווייגעניש. די מאַמע האָט אַ כאַפּ

געטאָן די טאָכטער ביי ביידע הענט. זיי שטאַרק געדריקט צו זיך. אויך צעירהן אַ צי געטאָן צו זיך, איר אַרומגענומען, זיך אָנגעהאַלטן אין איר, ווי איינער, וואָס האַלט אין פאַלן...

— אמא, וואָס איז דיר, אמא ?

— צירעלע קרוין... דאָס איז דאָך, העלער... מיין... אונדזער פריינד...

— איך האָב עס דאָך תמיד דיר געזאָגט.

— אָך, ניין : נישט דאָס, וואָס דו מיינסט : טוביה העלער, דיין באָבע צירלס, עליה השלום, אַ... אַ פריינד און מיינס אַ...

— איך פאַרשטיי דיך נישט, אמא.

— „בלעטער פון אַן אַלבום״, האָסטו געזאָגט : דאָס זענען מיר די בלעטער פון זיין אַלבום :

— צעירה, דיין נאָמען איז נאָך דער באָבע צירל. צירעלע, מיין קינד, ווו בין איך ? וואָס קומט דאָ פאָר ? איבער צוויי יאָר אַרבעטסטו מיט אים אין איין משרד ?

ביידע זענען די נאַכט נישט געשלאָפן. פרייד און טרויער. געלעכטער און טרערן. צעירה האָט מיט פריידיקער פאַרוווּנדערונג געקוקט אויף איר מאַמען. הינדע, איר מאַמע, האָט עטלעכע מאָל אַרומגעכאַפּט צעירהן און איר גע־דריקט צו זיך. צעירה האָט מיט אירע שפּיץ פינגער געווישט די טרערן פון איר מאַמעס אויגן :

— מיסכנה שלי...

פאַר צעירהן איז דער מאַמעס לעבן קיין סוד נישט געווען. דעם סוד, וואָס הינדע, און די באָבע צירל האָבן אין זיך געטראָגן — האָט די מאַמע איר אונטערוואַקסנדיקן טעכטערל דערציילט... זי האָט לענגער מיט איר טאָטן אונטער איין דאָך נישט געקענט וווינען. אַ מענטש, וואָס האָט, ווי ער אַליין האָט געזאָגט, געזען אַזוי פיל מיתות משונות : אַזוי פיל מאָל האָט דער טויט איבער זיין פּנים געשוועבט, פרירן געמאַכט ס׳בלוט אין די אָדערן — קאָן אַזאַ מענטש טראָגן אויף זיך דעם עול פון לעבן ? פלעגט פאַרפאַלן ווערן אויף גאַנצע טעג. אַ שד איז אין אים געזעסן. אַ לעבעדיקער שד, וואָס דער טויטער היטלער האָט אין די נשמות פון די געראַטעוועטע געלאָזט. איך בין קראַנק פון בענקשאַפט צו שטאַרבן — האָט ער יום ולילה איבער־

געחזרט. פלעגט אַרויסשרייען פון שלאָף:

— ס׳ברענט! יידן ס׳ברענט; הינט! אוי, א גרוב... אַ פינצטערער גרוב! לאָזט מיך, לאָזט אַריין אין גרוב... יידן, לאָמיר זיי באַגראָבן!

אַ בלאַסער, האַלב־וואַכעדיקער איז ער נאָך דעם שעהען לאַנג געזעסן ביים טיש מיטן קאָפּ אין די הענט. אָפט — פלעגט ער אַרויספּלאַצן מיט אַ געוויין. אויך בעתן לאַכן, האָט אַן אומעט אַרויסגעקוקט פון זיינע אויגן. מיט טרויעריקע אויגן האָט ער געקוקט אויפן קליינעם מיידעלע: „צירעלע, מיין קינד, נעם מיך אַרום, גיב אַ קוש דיין טאַטן". אומגליקלעכער. אַ סך רחמים האָט ער באַדאַרפט. איר רחמים–געפיל האָט איבערגעוויגן איר שכל, איר רצון. זי האָט אָבער לענגער נישט געקאָנט. אַ נאַריש שולד און שענק–געפיל פון פרויען. אַ פאַרגעניגן צו שענקען גליק אַן אומגליקלעכן מענטש. זי האָט דאָס געפיל געירשנט פון איר מאַמען, עליה השלום, אויך אַ געלי־טענע, אַן אומגליקלעכע. ניין. זי האָט לענגער נישט געקאָנט.

צירעלע איז אונטערגעוואַקסן. דער פּחד פאַרן גורל פון איר איינציק קינד, אַז זי זאָל נישט זיין די יורשטע פון איר און איר מאַמעס גורל — האָט איבערגעוויגן.

— ניין, צירעלע דו ביסט נישט געפאַלן אין די אויגן פון דיין מאַמען — האָט הינדע אַ זאָג געטאָן, ווי זי וואָלט אַרויסגעלייענט די געדאַנקען פון איר אַכצניאָריקער טאָכטער.

— אמא, איך האָב נישט געקאָנט מער...

הינדע האָט געשוויגן; אַ שוויגן פון הסכמה: „יאָ, אויך איך, צירעלע, האָב נישט געקאָנט מער"...

— ער האָט זיך פאַרלייגט אויף מיר, פאַרענטפערט זיך צעירה — זיינע שטאַרקע הענט... זיינע געזונטע ציין... איך האָב אים נישט ליב. איך וויל אים נישט קענען מער... אַ גט–רוח איז ער... אַרומגענומענע זענען געלעגן מאַמע און טאָכטער אין איין בעט. ביידע האָבע געשוויגן. ביידנס וואַכע הערצער האָבן געקלאַפּט מיט באַזונדערע ריטמען:

אויפגעשוידערטע פרייד פון אַ ליבשאַפט, וואָס איז נישט צו שטאַנד געקומען. — יסורים, חרטה פאַר אונטערגעבן זיך דעם תענוג פון שמחת–בשרים: נאָכגעבן זיך דער תשוקה — רחמים... אויף זיך אַליין.

## יד

סוף זומער. ווי ס׳טרעפט דאָ אָפט גיבן זיך, אָן איבערגאַנגען, אַ רוק אָן די צייטן פון יאָר — פון זומער — ווינטער. פון ווינטער אויף זומער, אָן פרילינג און אָן האַרבסט. פון צפון יאָגן מיט אַמאָל אָן ווינטן. איבערן הימל פאַרציִען זיך וואָלקנס. אויף די רעגנס קומען אומגעריכט מיט שטורעם און אויסגעבראַכענער גבורה פון לאַנגחדשימדיקע זומערס, היצן, חאַמסינען. אַזוי גיך ווי זיי קומען — הערן זיי אויף. דער הימל — אויסגעוואַשן, ריין, ווי נאָכן אויסוויינען זיך פון אַ קינד. אַ יונגער שפּראָץ באַדעקט נאָך דעם די פעלדער, די נישט באַווינטע שטחים. דיביימער נאָכן אָפּשווענקען פון זיי דעם שטויב — גיבן אַרויס פון זיך אַ פרישן ריח. די שמאָלע ברושים מיט די קיילעכדיק־פאַרשפּיצטע קרוינען — געטרייע שומרים פון אויסגעהאַקטע פּרדסים — שטייען הויך און שטאָלץ. פלינק און גרינג ווערט דער טראָט. אָטעמסט איין אין זיך יונגן אַראָמאַט און ס׳איז דיר אַ קנאַפּע נפקא־מינה צי איז פרילינג, צי האַרבסט. ס׳איז שיין אין דרויסן:

העלערן איז גראָד אין די טעג באַפאַלן אַ טרויער, אָן אומעטיקייט. אַ גאַנצע וואָך זעט מען נישט צעירהן אין משרד. ער האָט געוואָלט און נישט געוואָלט און נישט געוווסט ווי אַזוי, ביי וועמען פרעגן:

— קראַנק? חופש? ימי–עיון?

אין דער פרי צום אַריינקומען אין משרד האָט ער געעפנט די טיר פון שכנותדיקן חדר. דריי פּקידות זענען דאָרט געזעסן. אפשר וועט ער זיך פון זיי עפּעס דערוויסן. ווי תמיד, רוב שעהען אין טאָג, טרעפט ער זיי זיצן בצוותא אַרום איין טיש. מ׳שמועסט. אַ זופּ פון אַ גלאָז טיי. אַ צי פון אַ סיגאַרעטל. ווען נישט די אָנגעוואָרפענע פּאַפּירן אויף די טישן, פּאַליצעס: פּנקסים; קאַרטאָטעקן אויף שטולן און הינטער זיי — וואָלט מען געקאָנט מיינען, אַז מען זיצט אין אַ בית־קפה. אָתי, די עלטסטע פון זיי — אַ פּולינקע, אַ געוויקסיקע, מיט דער פלייצע אויפן שטול־אָנלען, אַ פוס אויף אַ פוס — הייבט אויף ס׳טעלעפאָן–טרייבל:

— האַאַללו, מירי!

זייטיק, אָפּגעזונדערט פון די דריי איז נאָך איינע געזעסן. אַ נייע פּקידה.

שוין נישט קיין יונגע. דער אומאַנטירלעכער ברוין פון אירע האָר — בלאָנדער בליאַסק פון איבן און גראָע, שיטערע האָרוואָרצלען, די צוגעפּאַר־בטע באַקן — מער ווי זיי האָבן פאַרשטעלט איר עלטער, האָבן זיי געמסרט...

אַ לבֿניה איז געשטאַנען אויפן טיש: אַ ביס און אַ זופּ. געזען העלערס קאָפּ אין דער אָפענער טיר, האָט זי אויף גיך אַראָפּגעשלונגען דעם ביסן און אַוועקגערוקט די לבֿניה אין אַ זייט.

דאָס ערשטע מאָל זעט ער דאָס פּנים. ווייסט אפילו נישט ווי אַזוי זי הייסט. ס'האָט אים, וואָס אַן אמת געוווּנדערט: אַלע ווייסן, אַז דאָס לעצטע יאָר נעמט מען נישט צו קיין נייע פּקידים, עלטערע מענטשן — אַוודאי נישט. מסתמא אַ פּראָטעקציע.

פון אירע עטוואָס בהלהדיקע בליקן בעתן זען אים, און פון האַלב־אָפענעם מויל מיט שארית–עסן צווישן די ציין — האָט ער פאַרשטאַנען, אַז זי וויל אים זאָגן, פרעגן, ענטפערן: זי וויל אים מיט עפּעס באַהילפיק זיין.

זי, די נייע פּקידה איז אָבער פאַר אים נישט קיין אַדרעס. — חוץ־דעם, צו וואָס איר איבערשלאָגן: זי האַלט דאָך אין מיטן עסן.

געזען די אַנדערע צוויי זענען פאַרטאָן מיט די פּנימער אין אַ געעפנטן זשורנאַל — האָט ער שוין מוותר געווען אויף וואָס ער האָט בדעה געהאַט צו פרעגן. בעתן פאַרמאַכן די טיר האָט ער געהערט אַלע דריי אַרויספּלאַצן אין אַ געלעכטער. קאַנטיק, אַז אַתי האָט דאָס טרייבל געהאַט צוריק אַוועק־געלייגט. דער טעלעפאָן אויף איר טיש אַרום וועלכן אַלע זענען געזעסן האָט געקלונגען. עמעצער האָט אויפגעהויבן ס'טרייבל. עס צוריקגעלייגט. דער טעלעפאָן האָט הויך און לאַנג געקלונגען.

אין פּרוזדור וואַרטן מענטשן. ביי די פאַרמאַכטע טירן זאַמלט מען זיך — איינציקע און גרופּקעלעך. פרויען מיט קינדער אויף די הענט זיצן אויף די בענק. קינדער, קינדער־וועגעלעך. יעדער איינער וואַרט אויף זיין ריי.

אַ שווערער טאָג איז עס געווען פאַר העלערן. זינט יענעם אָוונט האָט ער צעירהן נישט געזען. דער באַלאַגאַן אין חדר פון די דריי מיידלעך, ס'וואַרטעניש פון די מענטשן אין פּרוזדור — כאָטש די „בילדער" זענען די לעצטע עטלעכע יאָר זיין טאָג־טעגלעך „ברויט" — פאַרדריסט עס שטאַרק. היינט אָבער האָט עס אים מער, ווי תמיד, שווער געמאַכט זיין געמיט.

„געוואַלד, קינדערלעך, מה יהא הסוף״ — האָט ער געוואַלט אַ געשריי־טאָן און זיך אָפּגעהאַלטן... ער האָט זיך שוין אויסגעלערנט שווייגן, „שלינגען זשאַבעס״.

צוריק צו זיך אין חדר, האָט העלער זיך אָנגעשטויסן אויף יוסי עמיחי. ער איז אַרויס פון מזכירות און, ווי זיין טבע, מיט פלינקע טריט און נאָך פלינקערע תנועות, מיט אַ פּאַפּיראָסל אין מויל — זיך געאײַלט צו „זיין טיש פּאַפּירן״. אַ הויכלעכער, אַ שוואַרצלעכער: אין נערוועזן צוק אויפן לענגלעך–טונקעלן פּנים, אין גיכן רעדן און נישט אויפהערן פּיפּטשען אַ סיגאַרעטל — זעסטו, אַז דער מענטש איז אויף אַן אמת באַשעפּטיקט.

— וואָס עפּעס אַזוי אויפגערעגט? — האָט ער פון דעסטוועגן צייט געהאַט צו פרעגן העלערן.

— ווער זאָגט עס?

— מען דערקענט אויפן פּנים...

— עך, שטויות. דיר איז גוט, יוסי. זעסט נישט. הערסט נישט — האָט ער אָנגעוויזן אויף די מענטשן אין פּרוזדור.

געמערקט אַ דין קוים–קוימיק שמייכעלע אַרום עמיחיס ליפּן, האָט העלער צוגעגעבן:

— ווייל איז אייך, כ׳מיין אויך דיין חבר לחדר, יוסי כהן: איר מאַכט זיך נישט זען?...

— לא נכון. ס׳דאַכט זיך דיר אַזוי, העלער. אין אַ „קאַראַנטין״ זיצן מיר.

— אַ קאַראַנטין פון געזונטע, האַ? נישט אָנצושטעקן די „קראַנקע״? אַ קאַראַנטין פון אייגענעם ווילן, האַ?

— בדיוק כך.

— אפשר ביסטו גערעכט.

— אַ שאָד ס׳געזונט, חביבי. אַ נו, פּרווו עפּעס זאָגן? אַ שפּיי קעגן ווינט...

— האָסטו געלייענט ניטשען?... אמת, שלעכטע ווינטן, לכל הרוחות...

ערשט נאָך דעם, ווי העלער איז צוריק אַריין אין חדר האָט ער זיך דערמאָנט:

מיט עטלעכע חדשים צוריק האָט אים יוסי דערציילט, אַז מר דגני האָט

אים אין אַ שמועס אונטער פיר אויגן אָנגעבאָטן „סגן בכיר מחלקת התבי־עות". ער האָט אָפּגעזאָגט. פּאַר וואָס — האָט דגני אויסגעלאָזט אַ פּאָר אויגן און יוסי האָט געענטפערט: איך קאָן גוט דעם בכיר. זיץ דאָ העכער דריי יאָר. איינער פון אונדז ביידע וועט זיין „נישט בסדר"... איך וועל אוודאי זיין „דער איינער"... דער בכיר און די מענטשן פון דער מחלקה זענען דער רוב"...

— שפּיי נישט קעגן ווינט, שרייבט ערגעץ — זאַגסטו — ניטשע...

די לעצטע שעה פאַרן אַהיימגיין — אַ, ווי שווער ס'וואָלט אים אָנגעקומען הייַנט זיין אַליין מיט די פיר ווענט: ער איז שוין געשטאַנען מיט דער טעקע אין האַנט — האָט דער טעלעפאָן געקלונגען. צעירה. זי בעט אים זייער איבער פאַרן נישט לאָזן הערן פון זיך. אַ סיבה דערבײַ. זי וועט אים זאָגן. מאָרגן קומט זי צו דער אַרבעט. זי האָט פאַר אים נייעס. גוטע נייעס.

האָט שוין העלער הייַנט נישט געכאַפּט אין שטוב זיין נאָך־מיטאָג דרימל. די צייטונג נישט דערלייענט ביזן סוף. אַ פּיר געטאָן בלויז מיט די אויגן איבער די קעפּ און זי אַ שליידער געטאָן פון זיך. אַלע ווײַלע האָט ער געכאַפּט אַ בליק אין שפּיגל, וואָס אויף דער וואַנט. געגלעט זיך ס'פּנים ביז צו דער גאָמבע אַראָפּ אַ שטייגער מען גיט אַ וויש מיט אַ האַנט איבער אַ באָרד. מאָרגן אין דער פרי וועט דאָס פּנים אויסראַזירט זיין איינגעריבן מיט טאַבאַק–פּאַרפום, וואָס ער נוצט אין אויסנאַם–פאַלן צו וויכטיקע, פייער־לעכע באַגעגענישן. עטלעכע מאָל איז ער אַוועק און צוריק צו צום שפּיגל. פאַרהויבן די ברוסט. אויסגעגלייכט די אַקסלען, די עטוואָס געבויגענע פּליי־צע: הנאה געהאַט פון פּנים, וואָס האָט צו אים פון שפּיגל אַרויסגעשמייכלט.

אַ געפיל האָט ער געהאַט אין די רגעס — אַ מאָדנע געפיל, וואָס קומט צו אים אין אויסעראָרדנטלעכע פאַלן און אַזוי זעלטן — ווי ער הייבט זיך מיט אַמאָל אויף — אַריבער זיך הייבט ער זיך אויף — פאַרלירט די שפּירונג פון וואָג און צייט. ער ווערט עטער, אוויר. ער ווערט צוריק דאָס, וואָס איידער זיין געבוירן: באַוועגלעכע סובסטאַנץ. די סובסטאַנץ, וואָס געבוירט פאַרשטאַנדיקייט געפיל, מהות הנפש.

— עקזיסטירט דען פאַרשטאַנדיקייט, געפיל, מהות הנפש אָן גופיקייט? —

ברוכטיילן פון רגעס האָט די טראַכטונג געדויערט. און שוין שטייט ער צוריק אויף דר׳ערד מיטביידע פיס. קוקט ווידער אין שפּיגל אַריין און זעט, אַז ער איז — דאָס וואָס ער איז. אַ מענטש פון בלוט און פלייש איז ער: תשוקה און רצון, פּחד און האָפענונג פּילן אויס זיינע שעהען, טעג, יאָרן. ער האָט, פון רגילות, גענומען שפּאַנען פון דער טיר צום פענצטער, פון פענצטער צו דער טיר. זיי דערמאָנען אים, די „שפּאַצירן״ אין אַ נאָכטראַכטונג: יעדער איינער, אָדער יעדער צווייטער מענטש איז מער ווי איינער. — עפּעס פאַרבאָרגנס, אויסבאַהאַלטנס פאַר אַן אויסערלעך אויג טראָגט יעדער מענטש אין זיך. אַזוי גייט מען צו דער אַרבעט. אַזוי געבוירט מען קינדער. מען פירט זיי צו דער חופּה. מען פּראַוועט זילבערנע חתונות.

אַזוי זיצט מען מיט מענטשן ביים טיש. מען גייט אין קינאָ, צו פריינד. מען קייט און מען שפּייט אַזוי דאָס טאָג–טעגלעכע ברויט פון לעבן. ערגעץ־ווו אין אַ ווינקעלע פון מהות–הנפש — ווילדעוועט אַ דזשונגל... חיהלעך, מאַלפּעס אויף די ביימער רופן צוריק אין וואַלד אַריין...

צו מאָרגנס אין דער פרי איז צעירה געקומען צו דער אַרבעט, ווי נעכטן און אייערנעכטן: אַ פריילעכע, אַ רירעווודיקע, אַ צעשמייכלטע. אַ צעזונגענעם „ש־ל־ו־ם״ האָט זי העלערן אונטערגעטראָגן. אין דער אָפענער טיר פון זיין חדר איז זי געשטאַנען:

— מה חדש, צעירהלע ?

— יש לי בשבילך חדשות.

צו מיטאָג–הפסקה זענען זיי אַראָפּ אין דערבייאיקן רעסטאָראַנדל. צום ערשטן מאָל פאַר די אויגן פאַר אַלע, גייען זיי ביידע אַראָפּ צוזאַמען צו מיטאָג–צייט. רכילות ? בייזע צינגער ? ביידע זענען אַצינד מעבר לזה. זאָלן זיי — האָט זיך העלער געטראַכט און צעירה ? :

— אני שׂמה פּס על כולם.

— איך און מיין אמא פאַרבעטן אייך אין שטוב אַריין — האָט זי אַן שהיות אַ זאָג געטאָן נאָך איידער דער קעלנער האָט באַוויזן שטעלן צום טיש.

— נו, נו, טרייבסט לצנות.

— ברצינות.

העלער האָט אָנגעשטעלט אויגן און אויערן.

צעירה האָט מיט איר באַהנטן שמייכעלע און צעזונגען קולעכל איבער־געגעבן העלערן אַלץ, וואָס די מאַמע האָט איר דערציילט.

— ווען איז דאָס געשען ?

— יענע נאַכט.

— וועלכע נאַכט ?

— נאָך אונדזער צופעליקער באַגעגעניש. שוין פאַרגעסן ?

— ניין, כ'האָב נישט פאַרגעסן.

— איך אויך נישט...

— הינדעלע ? הינדע איז דיין מאַמע ?

— יאָ. און מיך רופט מען נאָך דער סבתא צירל — צעירה.

צוריק פון רעסטאָראַנדל האָט צעירה פאַרפאַמעלעכט אירע טריט מיט א מאָל ; זיך אָפּגעשטעלט ; פאַרטראַכט ; אַ שטייגער אַ מענטש האָט זיך אין עפּעס דערמאָנט און וויל דערטראַכטן ביזן סוף. זיך אַ פּעטשל געגעבן אין שטערן :

— אוי, פאַרגעסן : פאַרגעסן אייך דערציילן נאָך אַ נייעס. דער מנהל האָט גערעדט מיט מיר.

זי האָט עס אַרויסגעזאָגט מיט אַזאַ גדלות, אַ שטייגער — דער ראש ממשלה האָט גערעדט מיט איר.

— דגני ? ווען ? וואָס ט'ער געוואָלט ?

מיט עטלעכע וואָכן צוריק איז עס געווען. אין גאַנצן מיר אַרויס פון קאָפּ. ס'ערשטע מאָל זינט איך אַרבעט דאָ : מיך אַריינגערופן. אויסגעפרעגט.

— אויסגעפרעגט ? — האָט העלער מיט אַ טאָן העכער און אייליק איבערגעחזרט.

— פאַר וואָס אַזוי אויפגערעגט, אדון העלער ?

— סתם... כ'מיין... אינטערעסאַנט...

— זייער איידל האָט ער צו מיר גערעדט. זיך אינטערעסירט, ווי די אַרבעט גייט. צי בין איך מבסוט. געפרעגט זיך אויף דער אמא.

— אויף וועמען נאָך האָט ער זיך געפרעגט ?

— מער האָט ער קיינעם נישט דערמאָנט. מיינע פלענער אויף ווייטער

האָט ער געוואָלט וויסן. ווי האַלט עס מיט דער צבא, אַ חבר...

— אַ וואָס ?

— צי האָב איך אַ חבר. מיין אמא וויל כ'זאָל זיך פאַרשרייבן אין אוני־ווערסיטעט — האָב איך אים געענטפערט.

— אָ, גאָר פיין, יופי — האָט ער געשמייכלט און צוגעגעבן — ער האָט געמיינט, אַז די אמא וויל איך זאָל חתונה האָבן. אַזאַ שיינע בחורה, ווי איך, דאַרף חתונה האָבן.

— געדעכט, די אמא.

— מה פתאום ? —

אויב איך האָב בעיות — האָט ער בסוף צוגעגעבן — בבקשה, קען איך זיך צו אים ווענדן. ער וועט מיר ברצון העלפן. „תודה" — האָב איך געזאָגט און... זהו.

צעירה איז נאָך דעם אַריין צו העלערן אין חדר. העלער האָט דאָס מאָל געהאַלטן אין איין רעדן. אין צעירהס אויערן האָט העלערס שטימע היינט געקלונגען אַנדערש ווי תמיד: דער ווייכער, וואַרעמער טאָן האָט איר דער־מאָנט אין אַ ווייטן עכאָ פון אַ שטימע, וואָס האָט זיך צו איר דערטראָגן בעת זי איז נאָך אַ קליינע געווען. אַ טאַטעשע שטימע. זי קאָן זיך נישט געבן אויסמאָלן דעם אויסזען פון איר טאַטן. געדענקט נאָר זיין קול. ער פלעגט איר אַ מאָל אויך נעמען אויף די הענט. אַז זי איז אונטערגעוואַקסן, דערמאָנט זי זיך, האָט זי אים ווייניק געזען. גאַנצע טעג, וואָכן האָט זי אים נישט געזען. אַ טרויעריקע, שטילע האָט די מאַמע זיך געדרייט אין שטוב. אין דער שטיל געוויינט. געמיינט, אַז זי, צעירה, זעט נישט. זי האָט אַלץ געזען און געשוויגן. אויך איר אמא האָט געשוויגן.

## טו

אויף שבת נאָך מיטאָג איז ער צו זיי פאַרבעטן. ער'ט גיין צופוס. אַ גאַנצע וואָך זיצט ער אין משרד און אין שטוב — וועט מען מאַכן אַ שפּאַ־ציר. סך־הכל עטלעכע גאַסן פון אים וווינען זיי, גראָד אַ שיינער האַרבסט־טאָג.. גאָלדענע רעגן־טראָפּנס אייניקע, ווייניקע. אַ שאַרפע זון. אַ קילבלעך, יונג ווינטל. דער הויפּט־כביש איז אין דער נאָך־מיטאָג שעה לייזיקער ווי

אין די וואָכנטעג. שבת קורסירן נישט די אויטאָבוסן. דערפאַר איז פאַר־שטאַרקטער דאָס איילעניש פון די טעקסיס. זיי טראָגן זיך פאַרביי דעם כביש מיט שטילן גערויש און געפייף. שטעלן זיך אָפּ מיט האַסטיקן קוויטש און ווייכן געוואַקל פון אַ ראַפּטומדיק־אויפגעהויבענער האַנט:

— טעקסי.

דער שבתדיק־געקליידטער עולם איז אומגעדולדיק. דאָך קוועלט אַן אויפגערוימטקייט אַראָפּ פון די יונגע־לייטלעך, פרויען מיט פּנימער מוכן־מזומנדיקע אויף גאַסטפריינדלעכער צעשמייכלטקייט, וואָס וואַרט אויף זיי אין שטובן פון קרובים, באַקאַנטע. וואָס פאַר אַ באַגעגעניש דערוואַרט אים אַצינד — האָט ער צו זיך געזאָגט. שווער אים געווען ביזן סוף צו דערטראַכטן, ווי אַזוי וועלן זיי אים אויפנעמען. ווי אַזוי זעט זי אויס, הינדע? און צעירה? ער האָט שטאַרק געדריקט דעם בוקעט בלומען אין האַנט — דער איינציקער זיכערער סימן, אַז דאָס גייען אַצינד צו הינדעלען, הינדען, צירעלעס מאַמע, איז נישט קיין אויסדאַכטעניש און נישט קיין אויסטראַכטעניש. סאַן־אמת.

מער ווי אַ האַלבן וועג האָט ער שוין הינטער זיך. העלער האָט פאַר־לאַנגזאַמט דעם טראָט, זיך אומגעקוקט. ער האָט, ווי צו זיך אַליין געזאָגט: אויך די שבתים זענען דאָ אַנדערש, ווי אין דער היים. נישטאָ יענע בנעימות־דיקייט, יענע איינגעזעסענע, געלאַסענע נאָך־מיטאָג שעה פון היימישן שבת. עפּעס שקאַציש, טראַציקס איז אין דער אויפגערודערטקייט. ס׳רוישט ווי אין אַ חגא־טאָג. נאָר קופּאָלן, קלויסטער־שפּיצן, צלמים פעלן דאָ. ניין, נישט אים פעלן זיי. דאָס אויג איז שוין געוווינט אין דער שעה, ביי אַזאַ הין און צוריק־פאָר פון טעקסיס, מאַטאַציקלען צו זען אַזעלכע בילדער. און אפשר דאַרף עס אויך דאָ אַזוי זיין. אפשר איז דאָס דאָס גערויש פון דער צייט: פון היגן אויפגייענדיקן לעבן, וואָס אפילו אום שבת ווייסט עס נישט פון קיין רו?

דעם וועג, די גאַנצע געגנט, וואָס ער גייט אַצינד פאַרביי געדענקט ער פון פריִער. דאָס איז געווען אַ ווילדער נישט־באַלעבטער שטח. אַ גרויס פאַרוואָרלאָזט אַראַביש דאָרף — תל־עריש. דאָ זענען געשטאַנען עטלעכע הייזקעס פון רויע ליימבלאָקן. אַ ריח פון קעמל־מיסט און סאַברע־בלעטער

האָט זיך געטראָגן ביז אין שטאָט אַריין. וויפל מאָל איז ער פאַרבייגעגאַנגען דאָס אָרט? סיי זומער, סיי ווינטער האָט געיאָגט אַ מאָנאָטאָנע אומהיימ־לעכקייט. דער איינציקער הויכער ציפּרעס אין מיטן פעלד איז געשטאַנען, ווי אַן איבערגעקערטער בעזעם. אַ ריזיקער בעזעם, וואָס עמעצער האָט נאָכן אויסקערן דאָס דאָרף פון אַ לעבעדיקן נפש אין זאַמדיקן באָדן מיט די לאַנגע, צעשויבערטע ריטער אַרויף פאַרשטעקט.



הינדע און העלער זענען געזעסן אַקעגן זיך ביי אַ ווייס־געדעקטן טיש. דריי גליאַדיאָלן אין אַ ברוינעם בלומענטאָפּ — זיין בוקעט בלומען. אַ טאַץ פּירות. צעירה האָט דערלאַנגט טיי מיט געשניטענעם שטראָדל. געשפּרייט אַ סערוועטקע און אַוועקגעשטעלט אַ פלאַכן טעלער מיט קאָנאַפעקעס, צוקער, אין אַ קלאָש, אַ צעשניטענעם לימאָן.

— אפשר אַ קאַפע, אדון העלער?

— אַ דאַנק, צירעלע.

— בתיאבון.

— בתיאבון אין משרד, טייטשט מען: בתה — העוון, נישט אַזוי?

צעירה האָט אַ שמייכל געטאָן אויף הסכמה. זיך געלאָזט גיין אין קיך אַריין. אפשר צו זיך אין חדר, ווו אַ פּוטרינע אָן אַ טיר האָט געפירט לינקס פון קיך.

זיי זענען געזעסן אין סאַלאָן. העלער האָט געזופּט פון דער טיי. הינדע האָט אים אונטערגערוקט אַ טעצעלע מיט אַ שטיקל שטרודל. ביידע האָבן נישט געוווּסט פון וואָס אָנצוהייבן. דער האַנט־דרוק, ס'צעקושן זיך, דער אַרומנעם צום אַריינקומען, די צעשמייכלטע פּנימער, דאָס לאַנגע קוקן זיך אין די אויגן אַריין — האָט קאַנטיק, אַריינגעבריגט ווייניקער היימישקייט אויף וועלכער ביידע האָבן זיך געריכט. שטום און שטייף האָבן זיי זיך אָנגעקוקט ביזן זעצן זיך צום טיש.

אפשר האָט גראָד די אומדערוואַרטקייט פון אַזאַ באַגעגעניש — נאָך אַזוי פיל צייט, שטח — פאַרשטיינערט, דערשטוינט זייערע בליקן: אָפּ־גענומען ביי ביידע ס'לשון?

דער זכרון און די די געוווינהייט, וואָס זענען אָפֿט שטאַרקער פֿון ליבע — האָבן זיך ביסלעכווייז גענומען אומקערן. ווי בעקעלעך אויף שויבן נאָך אַן אויפֿטייענדיקן פֿראָסט, האָבן אויף ביידנס פּנימער פֿאַמעלעכקע זיך געשטעלט קאָלירן — געריי‌טלט און געגלאַנצט.

העלער האָט דרייסטער געשטעקט די האַנט צום כּיבוד. געזופּט די טיי. אויף הינדעס תּנועות זענען פֿריילעכער געוואָרן. זי האָט צוגערוקט גענטער צו העלערן דעם טעלער קאָנאַפּקעס:

— עס עפּעס, אוודאי גאַרנישט געגעסן. צופּוס, זאָגסטו געגאַנגען, אַ היפּש שטיקל וועג.

העלער האָט אויפֿגעהויבן די אויגן צו הינדען. דער ווייכער באַוועג פֿון אירע היפּטן בעתן אויפֿהייבן זיך און צורוקן דעם טעלער, האָט רגעווייז, דערמאָנט אין דער יונגער הינדעלע: לעצטער אָוונט אין שטוטגאַרט. דאָרטן, ביי צירלס טויטן בעט האָט ער איר דעם ערשטן קוש געגעבן. דרייסיק יאָר זינט דעמאָלט. אַ חלום. הינדעלע האָט דעמאָלט דערלאַנגט צום טיש. היינט דערלאַנגט — צעירה. צירל — הינדעלע. הינדע — צירעלע. און ער — אַן אַלטער פֿאַרליבטער נאַר. ווי ווייט, ווי לאַנג וועט דער פֿוסטער חלום זיך ציִען? אַזש ביזן דריטן דור. און אפֿשר איז עס גאָר אַן אָנהייב? ביים אָנהייב פֿון אַ נייער ליבע? איין ליבע איז עס דאָך אייגנטלעך. איין און איינציקע ערשטע–לעצטע ליבע: אַ הוידלקע, אַהין־און־צוריק; ניין, אַ קרייז, אַ ראָד, וואָס דרייט זיך אַן אויפֿהער. אַ ראָד פֿון בלוט און באַגער...

דריטער דור — אַזוי ענלעך און אַזוי — אַנדערש: שפּורן פֿון צירלס שיינקייט מערקן זיך עד היום אויף הינדעס שיינעם פּנים, אין בלויען ראַב פֿון אירע אויגן. איר פֿיגור, ווי צירל אין איר עלטער, עטוואָס פֿולער, אָבער מיידלש יונגע אַקסלען, אַ סאַטין־בלוזקע איידלט אויס איר אויבערשטן טייל גוף ביז דער טאַליע. דאָס שמייכעלע, די חשק־ליפּן? וועט נישט צעירה אין אַ וועלכע צוואַנציק יאָר אַרום אַזוי אויסזען?

— וואָס ביסטו מיט אַ מאָל אַנטשוויגן געוואָרן?

— איך האָב נאָך כּלל נישט אָנגעהויבן רעדן.

— פֿון וואָס אַ שטייגער אָנהייבן?

— גערעכט, הינדעלע. הינדע. אַצינד דערמאָנט זיך: סאָראַ איילעניש.

ווּהין, צו וועמען האָסטו זיך געיאָגט ? אַ פֿאַרהאַקטע טיר האָב איך געטראָפֿן. אַ יעקעשי שכנטע. אַ בריוועלע. ווי אַ קמיע היט איך דאָס בריוועלע. אָט האָסטו עס.

הינדע האָט אויסגעצויגן די האַנט צום פֿאַרגעלטן שטיקל פּאַפּיר. צע־וויקלט עס. אויסגעגלייכט. לאַנג זיך איינגעקוקט דערין. אַ טרויעריקן שמייכל געטאָן. דער ערשטער שמייכל הינדעס היינטיקן אָוונט.

— ליבינקער — האָט זי אָנגעהויבן מיט אַ ווייך קול, וואָס איז גלייך אַריבער אין עצבות — געיאָגט, זאָגסטו. ער האָט זיך געאײלט. בחפזון אַ חופּה געשטעלט ביי דער מאַמעס טויטן בעט. יאָ. אַזוי ווי איר רצון איז געווען : אַזוי ווי זי האָט געוואָלט.

— אָבער נישט ווי מיר האָבן געוואָלט...

— ווּ ביסטו געווען ? און ווּ איז ער געווען ? גלייך נאָך דיין אָוועק־פֿאָרן האָט ער זיך אָנגעיאָגט מיט עווידעוויטס. נישט מער ווי צוויי מאָל האָב איך אים ביזן טאָג פֿון דער חופּה געזען. ,,געמאַכטע" עווידעוויטס. מען האָט תיכּף געמוזט פֿאָרן, פֿאַרלאָזן דייטשלאַנד. קוים באַוויזן דער מאַמען איר רעכט צו טאָן. שרייבן צו דיר ? וואָסער טעם האָט אַזאַ שרייבן ? ווּהין ? אין דער וועלט אַריין ? און צו וועמען זאָל איך שרייבן ? און ער, דער מאָן ? און דו, ווּ ביסטו, זיצט און וואַרטסט ?

— אמת. איך בין נישט געזעסן און געוואַרט. איך האָב מער נישט געקענט זיצן דאָרטן. אָבער חתונה געהאַט ? — ניין. דו ווייסט עס מסתּמא פֿון צירעלען. איך האָב נישט געוואַרט און יאָ געוואַרט. דריי זיך אויף גאָטס ערד. גרייט זיך אַלע יאָרן צו עפּעס אָן אויסעראָרדנטלעכס, פּייער־לעכס... צו עפּעס, וואָס דאַרף קומען און קומט נישט. און אפֿשר ?... אפֿשר יאָ ? האָט ער זיך אַ ווײַלע פֿאַרטראַכט און אַ יונגן, אויפֿגעהייטערטן בליק געוואָרפֿן אויף הינדען. זי האָט אירע אויגן אַראָפּגענומען פֿון זיינע. פֿאַר־שטאָנען, אַ פּנים, וואָס ער מיינט :

— וואָס עס קומט צו שפּעט — איז גלייכער אַז ס'קומט נישט...

און איך האָב פֿון כּסדרדיקן גרייטן זיך און וואַרטן פֿאַרגעסן דעם חשבון פֿון צייט, פֿאַרלוירן דעם חוש המציאות...

פֿון צעירהס חדר האָט זיך געהערט אַ טעלעפֿאָן־קלונג. צעירה, וואָס

האָט געהאַלטןביים אַראָפּנעמען פון טיש און צו זייערע רייד רעכט זיך נישט צוגעהערט — איז אַריין צום טעלעפאָן. זי איז אין אַ ווײַלע אַרום צוריק געקומען:

— אמא, איך דאַרף באַלד אַוועקגיין.

— אפשר וועסטו אָפּלייגן אויף אַ צווייט מאָל. מיר האָבן היינט אַזאַ גאַסט?

— כ'קאָן נישט, אמא. אדון העלער יסלח לי, נכון?

צעירה איז אַוועק. יונגע מענטשן קאָנען נישט איינזיצן. לויפן. עלטערע — בלייבן אויף אָן אָרט. די פיס ווערן שווערער און מען דאַרף שטיין פנים אל פנים מיטן לעבן. אַוונט. אָט ערשט נישט לאַנג איז די זון פאַרגאַנגען. נישט ווייט פון דאַנען פאַלט די זון יעדע ערב נאַכט-שעה אַריין אין ים. רויט-וויאָלעטע הימל-שטרייפן צינדן אָן פייערלעך אין די שויבן. ס'דעמערט אין די שטובן. פאַרליבטע הערצער עפענען זיך. ליכטיקער טרויער און שטילע פרייד, ווי דער טונקל-העלער קאַלירנשפּיל אויפן הימל, מישן זיך אויס מיטן אויפשטראָם פון בלוט. דער ווײַן פון בענקשאַפט צעגיסט זיך אין די אברים. איז פאַראַן דען אַ בעסערער אויסדרוק פון אַזעלכע אינטימע רגעס, ווי דאָס לשון פון... שווייגן?

הינדע און העלער שווייגן. קוקן זיך אָן און שווייגן.

ס'מאָטע גרוי פון הינדעס אויגן, די גרויע פאַסמע האָר, און דאָס גראָ פון העלערס שלייפן — האָבן מיט שטומער שריפט, וואָס נאָר זייביידע קאָנען לייענען, איבערגעגעבן אַלץ, וואָס יעדער איינער באַזונדער האָט איבערגעלעבט.

דאָס ים-ווינטל פון אָפענעם פענצטער האָט פון ביידנס פנימער, ווי פון צעעפנטע אַלבומען, געמישט די „בלעטער" פון זייערע אָפּגעלאָפענע יאָרן.

העלער האָט איבערגעריסן ס'שווייגעניש.

— אייגנטלעך האָט די ליבע פון מאַן און פרוי, נאָך אַזאַ לאַנגן, שווערן מדבר-וועג, באַדאַרפט אויפוואַכן צום לעבן.

— גערעכט ביסטו, מיין ליבער: ס'איז אָבער נישט אַזוי.

— דו מיינסט אַזוי?

און דו ?

העלער האָט זיך ווידער פאַרטראַכט. אייגנטלעך איז די ליבע צו הינדען אַצינד — זכרונות... קאָן מען פון זכרונות צוריק מאַכן ליבע ? קאָן מען פון אַ יאַטשניצע צוריק מאַכן — אַן איי ? ער זיצט אַקעגן דער פרוי, וואָס ער האָט מיט דרייסיק יאָר צוריק ליב געהאַט. מיט דרייסיק יאָר פאַר די דרייסיק — האָט זיך זיין טאַטע געשפּילט מיט די צעפּעלעך פון איר, הינדעס, מאַמע, די קליינע צירעלע. זיין טאַטע און איר מאַמע זענען היינט שוכני-עפר און דאָס ראָד פון בלוט און באַגער... דרייט זיך. אין קאָפּ — מחשבות. זיי קרייזן, ווי קליינע אַוויראָנדלעך. זשומען. אפשר גאָר האָט דאָס בלוט ס׳צווייקע — אין די אָדערן און די געפעסן — צערוישט זיך אין אים: יאָגט אַרויף צו די שלייפן. פון די שלייפן צוריק אַראָפּ צום האַרץ —דעם בלוטזעקעלע אויף צוויי אָדערן: אַ האַרץ, וואָס פאַרשליסט אַ סוד, אַ סוד און אַ שבועה.

אַצינד, אויף זיינע אַלטע קאַוואַלערסקע יאָרן איז ער מוכן ומזומן מודה צו זיין, אַז דער געבאָט „לא תחמוד אשת רעך" שרעקט אים ווייניקער, ווי דער נישט-געשריבענער געבאָט: „לא תחמוד בת אהובתך".

ער זיצט קעגן הינדען. ס׳קומט אים פאָר, ווי ער זיצט אויף אַ פּריזבע פאַרנט פון הויז, ווי עס זענען פאַרצייטנס געזעסן זקנים. פאַרנאַכט צו זונפאַרגאַנג זענען זיי געזעסן און נאָכגעקוקט מיט זשעדנע בליקן ס׳פאַרביי־גיין פון יונגע מיידלעך.

איז ער נישט איינער פון די–אַ זקנים ? איינע פון די פאַרבייגייענדיקע מיידלעך איז צעירה, וואָס איז נאָר וואָס אַרויס פון שטוב ?

בילדער פון אַ מאָל, פּנימער, רייד פון אַצינד מישן זיך אים אין קאָפּ. אין די אויגן — ברענענדיקע וואָלקנס פון אַ פאַרגייענדיקער זון. אַ שרפה. עס ברענט...

מיט וואָס זאָל ער לעשן דאָס פייער... ביז אַצינד איז דער „פלאָם" פאַרדושעט געווען. זיין היינטיקער גאַנג אַהער, האָט ווי אַ ווינטל אַ בלאָז געטאָן אויף אַן אָנגעצונדענעם סיגאַר. — לאָזן אויסברענען ס׳פייערל ביזן סוף ? אַרויסוואַרפן דאָס „אַש" אַזוי ווי מענטשן וואַרפן אַרויס בערגלעך מיסט ?... ווילן פּטור ווערן פון די רעשטלעך נעכטנס... ביזן סוף לאָזן אויס־

ברענען און דאָס „אש״ אַרויסוואַרפֿן און פּטור ווערן פֿונעם נעכטן... און אָנהייבן אַ נייעם טאָג — האָט ער זיך איבערגעחזרט פֿאַר זיך אַליין: אַ נייעם טאָג? — איז עס פֿאַר זיינע כּחות? עלף קלינג האָט געטאָן דער וואַנטזייגער און איבערגעוועקט העלערן פֿון זיינע מחשבות.

— צי איז נישט צו שפּעט? צי דאַרף זי נישט מאָרגן גיין צו דער אַרבעט? — האָט ער געפֿרעגט.

— יאָ. זי דאַרף גיין צו דער אַרבעט אָבער נאָך מיטאָג.

זי איז אַ קעלנערין. אין אַן אולם חתונות אַרבעט זי: דריי, פֿיר מאָל אַ וואָך. נאָך מיטאָג.

— איז אויב זי איילט זיך נישט קאָן מען זיך אפשר אַ ביסל דורכגיין.

— ניין. ס׳איז נישט צו שפּעט פֿאַר איר. אָבער צירעלע דאַרף באַלד קומען...

— זי האָט נישט קיין שליסל?

— זי האָט אים פֿאַרלאָרן.

— און איך דאַרף מאָרגן גיין פֿרי צו דער אַרבעט. דו האָסט פֿאַר וועמען. און איך?

— טוביה, „איין אויג דאַרף איך שלאָפֿן״ — זאָגט זיך אַ ווערטל.

— אַליין. פֿיר ווענט. אויך אויף דער אַרבעט — טויבע, בלינדע ווענט.

— כ׳פֿאַרשטיי נישט.

— אחראים. בכירים. מנהלי־יחידות. סגנים. מינהלים... ביז אַרויף, אַרויף...

— שלעכטע מענטשן?

— כ׳וואָלט עס נישט געזאָגט. שטייפֿע מענטשן, פֿאַרמאַכטע. פֿאַר־שלאָסענע טירן... אַן פֿענצטער, אַן קליאַמקעס...ברעכסט אַדורך איין טיר — שטייסטו פֿאַר אַ צווייטער...

— עפּעס האָט זי מיר דערציילט, צירעלע, וועגן איינעם אַ „רזה״, אַ גנני.

— אַהאַ, דעם סמנכ״ל מיינט זי: אָנגעברוגזט זיך און אַוועק.

— נו, איז דאָך נישט אַזוי שלעכט. איז מען דאָך נישט אַזוי „בלינד״ און „טויב״...

— פון וואַנען ווייסטו דאָס אַלץ? האָט דיר צירעלע אויך וועגן מיר דערציילט?

— געפּלאַפּלט. איך האָב דערויף קיין אַכט נישט געלייגט. אַ יונגע קאָזע — מעקעט זי. זי האָט אַזוי לאַנג געפּלאַפּלט ביז ס'איז מיר איינגעפאַלן פרעגן וועמען זי מיינט. ס'איז שטיל געוואָרן אַ ווײַלע.

העלער האָט אַ זופּ געטאָן פון דער טיי. אַ ברייטער שמייכל האָט זיינע פּנים־קנייטשן אַרום מויל און אויגן טיפער געמאַכט. ער האָט אָפּגערוקט פון זיך דאָס גלאָז טיי. אַ קוק געטאָן אויפן האַנט־זייגערל. איבערגעוואָרפן דעם בליק אויף הינדען. און די שטילקייט האָט אָנגעהאַלטן. הינדע האָט זיך אויפגעהויבן. זי גייט שטעלן אַ קאַלטן טרונק. ניין. מ'דאַרף נישט — האָט העלער געזאָגט און אָפּירגעגאַנגען פון טיש. ער האָט געמאַכט אַ טריט נענטער צו הינדען. ביידע זענען שטיין געבליבן אין דער פּאָזע, ווי צו העלערס אַריינקומען.

— אַזוי, אַזוי, הינדעלע — האָט ער אַרויפגעלייגט זיין האַנט אויף איר אַקסל. הינדע האָט געמאַכט אַ טראָט נענטער צו אים. צוגעלייגט איר קאָפּ צו זיין ברוסט. העלער האָט איר צוגעדריקט צו זיך. זיינע הענט האָבן געגלעט אירע אַקסלען. זיך אַראָפּגעגליטשט אויף דער פּלייצע, טאַליע. הינדע האָט שטום זיך אונטערגעגעבן זיין האַנט־פּיר. אַ זיסער שווידער איז אַדורך איר לייב. ווי פון זיך אַליין האָט איר קאָפּ מיטן גראָען פּאַס האָר זיך פאַר־הויבן צו העלערס פּנים: מויל צו מויל. ליפּן אין ליפּן האָבן זיך פאַרשלאָסן. ווי לאַנג זיי זענען אַזוי געשטאַנען געדענקען ביידע נישט. הינדע האָט זיך באַפרייט פון העלערס אָרעמס. אָן אָנגעלענטע אין טיש איז זי שטיין געבליבן קעגן אים.

— ווען האָסטו מיר געגעבן דעם לעצטן קוש?

— דעם ערשטן מיינסטו.

— דעם ערשטן־לעצטן.

— מיט דריי צענדליק יאָר צוריק. זע, סאַראַ וווּנדער: מיט איין קוש קאָן מען דרייסיק יאָר אָוועקמאַכן.

— הלוואי וואָלט מען זיי געקענט צוריקכאַפּן.

און אין אַ ווײַלע אַרום:

— יאָ. דאַכט זיך ערשט נעכטן איז עס געווען.

— וואָס געווען איז געווען: און מאָרגן? — האָט העלער אָנגעשטעלט אַ שעלמיש־יונגן בליק אויף הינדען.

— מאָרגן — וועט גאָט זאָרגן.

— אַזוי גאָר: זאָגסטו מיר אָפּ?

— איך זאָג דיר נישט אָפּ און זאָג דיר נישט צו.

— אַ, דיינע ענטפערס זענען שוין נישט פון דער אַמאָליקער הינדעלע.

זי איז היינט אַ מאַמע פון אַן אַכצניאָריקער טאָכטער. אַ האַלבע יתומה. איר טאַטע לעבט. אין אַ משוגעים־הויז לעבט ער. פאַר איר איז ער טאָקע געשטאָרבן. ער איז אָבער איר מאַן. הינדע האָט זיך צוריק אָוועקגעזעצט. העלער האָט צוגערוקט זיין שטול נענטער צו איר: — אַן עגונה?

— כ'האָב סיי ווי באַשלאָסן נישט חתונה האָבן. איך בין, ווי זאָגט מען דאָ: ביים סוף הדרך. צירעלע — ביים אָנהייב. פאַר איר און פאַר איר מאָרגן — לעב איך.

— דו דערמאָנסט מיך אין דיין מאַמען, עליה השלום: דיין מאַמעס ווערטער. אירע לעצטע ווערטער וועגן איר איינציק טעכטערל — הינדעלע.

— זי מעג שוין האָבן אַ בעסער מזל, צירעלע, פון איר באָבען און פון איר מאַמען...

וויפל וואַסער איז אין טייך פון צייט פון דעמאָלט אָפּגעפלאָסן. זיין „טייכל" איז אַ שטייענדיק וואַסער.

און ער איז דער זעלבער, אַלטער, פאַרליבטער נאַר. אַ חלום, אַ פּוסטער חלום... — האָט העלער געזאָגט, ווי צו זיך אַליין.

— וואָס האָסטו זיך פּלוצעם פאַרטראַכט?

— גאָרנישט. סתם.

וואָס זאָל ער זאָגן? וואָס זענען אַצינד ווערטער? ציגעלעך. אַ בנין האָט ער געבויט. אָט־אָט צעפאַלט ער זיך, דער בנין, פאַר זיינע אויגן.

שטומע, אַן תנועה שטייען ביידע איינער קעגן אַנדערן. אַזוי שטייען ביימער אין טיפן הארבסט מיט נאַקעטע קרוינען און צוויגנהענט בעת ווינטן גייען איבער זיי אַריבער — אַ פאַרגליווערט שטיין נאָך אַ שטורעם.

נישט פאַר זיינע כוחות צו צעברעכן די וואַנט פון לאַנגן שווייגן.

די שטילקייט האָט, ווי אַ שלאַנג פאַמעלעכקע זיך געשאַרט, געשטרעקט איר גיפטיק, רויט צינגל צום פלייש פון צוויי איינזאַמע נשמות.

דאָס האָט דער גורל זיי צוזאַמענגעפירט, כדי מיט איין לאַנגן, לעצטן קוש פאַרחתמענען אַ חלום. זיין, העלערס, פוסטן חלום.

— כ׳האָב עס דיר געמוזט זאָגן — האָט הינדע מיט התנצלות אין קול די ערשטע איבערגעריסן דאָס שווערע שווייגן. — דו ביסט מיר צו נאָענט איך זאָל פאַר דיר לייקענען און צו ווייט אויף — — —

— אויף וואָס ? — האָט העלער איר איבערגעריסן.

— דו ווייסט אַליין.

— יאָ. איך ווייס: אויף שטעלן אַ חופה. אַ דאַנק דיר, הינדע.

— נישטאָ פאַר וואָס.

— פאַרן לייענען מיינע געדאַנקען...

— איך בלייב דיר אַן אמתער פריינד, טוביה.

— איך צווייפל נישט אין דעם.

— לאָמיר בלייבן גוטע פריינד, ליבינקער.

— וואָס דען זענען מיר ?

— גוטע פריינד און נישט מער.

— און איך האָב דיך ליב, הינדעלע: ס׳קלינגט באַנאַל, אמת ?

— אמת. נישט באַנאַל.

— אַביסעלע צו שפעט, האַ ?

הינדע האָט געשוויגן.

— גוטע פריינד און נישט מער — האָט העלער, ווי הינטער אַ היפּנאָז, איבערגעחזרט און געפרעגט:

— און וווּ איז די גרענעץ צווישן „נישט מער" און „מער" ?

הינדע האָט צוגעלייגט איר האַנט צום האַרץ:

— אָט־אָ דאָ...

דער זייגער אויף דער וואַנט האָט געקלונגען צוועלף. די צוועלפטע שעה פאַרביידע.



האַלבע נאַכט. די ליכטער אין דרויסן לעשן זיך. אַ טיפע ערב־טאָג טונקלעניש שפּרייט זיך אַרום העלערן. מיט היפּשע עטלעכע שעה צוריק איז דער זוניקער קאָפּ פון טאָג אונטערגעגאַנגען. אַריין אין ים. מיטן מאָרגנ־שטערן וועט דער „קאָפּ" צוריק אַרויפשווימען — אַן אויסגעוואַשענער, ריינער, יונגער.

ער גייט אַהיים. זיין מידער קאָפּ וועט פאַלן אויפן בעטל. צי וועט ער אויך מיטן מאָרגנשטערן זיך אויפהייבן — אַן אויפגעפרישטער, יונגער? צי וועט ער זינקען אין תהום פון... האַלוצינאַציע?

חלום.

פּוסטער חלום.

# אויף זומער־וווינונג

א

דאָס מאָל האָט מעכל מיט זיין ווייב פערעלע באַשלאָסן אַרויספאָרן צוזאַמען מיט זיין יונגערן ברודער יצחק און באַשע קיין טנטורה. פאַר די צוויי שוועגערינס, פערעלע און באַשע, וואָס זענען צוליב עפּעס אַ צופאַל געוואָרן גוטע חברטעס, איז דאָס געווען נישט קיין שלעכטע געלעגנהייט:

— ווידער אַראָפּרעדן זיך פון די הערצער, מוטלען.

טנטורה — אַן אַראַביש דאָרף, היינט — אַ מושב, אַ מין קוראָרט. קיין רעסטאָראַנען זענען דאָרט נישטאָ. אַליין קויפט מען איין, מען גרייט צו, מען קאָכט אַליין.

— נמאס יאָר־יערלעך בית־הבראה — זאָגט פערעלע — זי וויל אַ ביסעלע פּרטיות.

טוט ער איר צוליב, מעכל. אַז פערעלע וויל — האָט ער נישט דאַקעגן. מסתמא ווייסט זי פאַר וואָס, זיין פערעלע. אַלץ פועלט זי ביים אים. אַ רגילות ביי מעכלען:

— אַן עצה האַלטן זיך מיטן ווייב און טוען וואָס זי וויל...

קנאַפּע צוואַנציק יאָר אַזוי.

ביינצן זיבן און דרייסיק. האַרבסט. וואַרשע. אַ געראָטן יאָר, זאָגט מען. אין די סעדער קרעכצן ביימער אונטערן לאַסט פון רייפע אויבסטן. סטויגן היי אויף די פעלדער. פולע שפייכלערס. אַ גוטע „זשניווע". פּוילישער, „גאָלדענער האַרבסט". אָט אָט יאָגט זיך אונטער דער ווינטער. לייכטע פרעסטלעך. שנייעלעך. אַ ווייך גלישטשן זיך פון סאַנקעס איבער ווייסע שאָסייען. גלעקלעך. אַ פּאַרסקען פון פערדישע, צעפּאַרעטע מאָרדעס. דראָזש־קאָרעס אין פוטערנע פעלצן, קוטשמעס. אַ קאַלטע לבנה אויף אַ בלויען, ריינעם הימל — אַ „שיף" אויף אַ רויִקן ים.

ס'איז קיינעם נישט איינגעפאַלן, אַז אונטערן „שטילן ים" צאַרנט באַ־

האַלטענער שטורעם. אין אַן אַלקער אויף עכירות ווינען ביידע ברידער: מעכל — אַן עלעקטריקער, יצחק גייט אויף אָוונט־קורסן, בוי־אינזשיניער. נאַכטעסן, פרישטיק קומט מען איבער מיט אַ שהי־פּהי. מיטאָג — אין גאַר־קיך אויף דער קאַרמעליצקי און אין ביליקע רעסטאָראַנען פון זאַמענהאָף, מילע.

אַרבעטער־קוואַרטאַל. שמאָלע גאַסן. נידעריקע הייזער. טונקעלע הייף. ענג אין די שטובן. אַ יינגער מענטשנוואַלד וואַקסט אַריבער איבער די שמאָלע, ענגע געסלעך: האַרעפּאַשנע טאַטעס; אַן אַרבעטער־יוגנט; אַן אַר־בעטער־אינטעליגענץ; פּראַפעסיאָנעלע פאַראיינען; קרייזלעך. פּערעלע גע־הערט צו אַ „קרייזל". מיט לייכטקייט פון צעפּרילינגטע ביימלעך, וואָס שיילן אויס פון זיך אַ נייע קאָרע — וואַרפט זי אַראָפּ פון זיך די „אַלטע פּאַראורטיילן", „קליינבירגערלעכע באַגריפן". רעדט פון פרייע ליבע. צו יצחקן. דעם מאָרגנדיקן בוי־אינזשיניער ציט איר. יצחק האָט נישט קיין צייט. ביי־טאָג אַרבעט ער. אין די אָוונטן לערנט ער. אויך פּערעלע זיצט נישט אויף אַן אָרט. פאָרט אין געהיימער שליחות. פון דער לעצטער שליחות — נישט ווייט פון איר היים — איז זי נישט צוריקגעקומען.

אַרעסטירט.

תפיסה.

צוויי יאָר שפּעטער האָט זי זיך געיאָוועט.

געעפנט די טיר האָט פּערעלען איינער אַ היפּש נידעריקער פון יצחקן. מיזערנע פּלייצעס. קורצע הענט. די תנועות פון עפענען און פאַרמאַכן די טיר — זענען יאָ און נישט ענלעך צו יצחקן. זי טראָגט אויף זיך אַ זומער־קליידל אויף דינע אַקסל־בענדלעך (כאָטש אין דרויסן איז שוין קאַלט). אַ שוואַרץ, קורץ־געשוירן גזשיווקעלע פאַלט איר איבער די אויגן: ראָבע, קעציישע אויגן. אין קליינעם מויל, וואָס פּרוווט שמייכלען — צוויי לאָפּעטע־ציינדלעך. דער שמייכל און דער גלאַנץ אין די ראָבע אויגן לעשט זיך מיטן איבעררעטן די שוועל פון אַלקערל.

קאַלטער בליק. ער פאַלט זייטיק אויף איר, ווי ס'ליכט פון אַ סוף זומער־טאָג אויף אַ שוועל.

— צוזאַמען מיט דער האַנט, וואָס ער ציט אויף גיך אַרויס פון אירער —

ציִען זיך פֿון מויל עטלעכע ווערטער:

— גו, ווי איז עס דורך?

זי שווייגט.

— וואָס זשע שטייסטו? זעץ זיך, פּערעלע.

זי האָט זיך צוגעזעצט אויפֿן ראַנד בעט. אין דער מאָגערער ליכט פֿון קליינעם עלעקטרישן לעמפּל אין מיטן סטעליע זעט יצחק אויס אַנדערש. דאָס זעלבע ברונעטע פּנים, אָבער סיי עלטער, סיי שענער. אַ קערנדיק פּנים פֿון אַ מאַן.

זי האָט געוואָלט עפּעס זאָגן און נישט געפֿונען דאָס וואָרט.

יצחקס הענט זענען פֿאַרנומען מיט אויסוויקלען און איבערפּאַקן פּעקלעך.

— זייַ באַקאַנט — האָט ער נאָך אַ לענגער שווייגן אָנגעוויזן אויף מעכלען.

— אַ ברודער?

— פֿון וואַנען ווייסטו?

— געטראָפֿן — האָט מעכל געשמייכלט — איך האָב געהערט אייער נאָמען.

ער האָט איר דערלאַנגט די האַנט.

— און דו זעסט מיר אויס, ווי וואָלסט זיך געפּאַקט אין וועג אַריין.

— יאָ.

— באמת?

— ס'אַ לענגערע „נסיעה". ס'האַלט פֿאַר אַ חתונה.

פּערעלע האָט אַנגעשטעלט אירע ראָבע אויגן. אַ גרין פֿאָספֿאָר־ליכט האָט פֿון זיי אַרויסגעשלאָגן. ס'מיילעכל האָט אַ טשמאָקע געטאָן:

— אַ־ז־ו־י?

— דו קענסט איר אוודאי — האָט יצחק געפּרוווט אויפֿטייען ס'שווייגן פֿון אַלע דריי — באַשע די שפּולערין.

— באַשקע? אַהאַ! צי איך קען איר? געטראָפֿן איר נישט איין מאָל אין טעקסטיל־פֿאַראיין, אויף דער „ווילדער פּליאַזשע". אַ שיין מיידל דווקא.

— וואָס עפּעס דווקא?

צום ערשטן מאָל זעט ער פּערלען, מעכל. איר דינער גוף אויפן ראַנד בעטל װיגט זיך. פאַר װאָס זיצט זי נישט גוט? קיל איז שטוב? אפשר איז איר קאַלט. און אפשר — אַ פלוצימדיקער שװידער? — אַריינגעקומען אַזױ פריילעך און אַזױ שטיל זיצן געבליבן. אַ צער אים אויף דעם מיידל מיט די קעציישע אויגן, מיטן טרויעריקן שמייכעלע. אַ צער און אַ תשוקה האָט מעכלען אויפגעציטערט.

— אפשר מאַכן אַ גלעזל טיי? — האָט ער געפרעגט.

— אַ דאַנק. איך גיי שוין.

— פאַר װאָס? װאָס איז דאָס איילעניש?

— װאָס האָב איך דאָ צו טאָן?

— װאָס דאַרף טאָן אַ גאַסט? זיצט פּערל. זיצט אונטער אַ ביסל. מ'עט מאַכן אַ גלעזל טיי. עפּעס איבערכאַפּן. איר קומט דאָך פון דער פּראָװינץ?

— פון דער היים קום איך.

נו, איז פאַלג מיך אַ גאַנג. אַװדאי אַ גאַנצן טאָג נישט געגעסן.

— באמת, אַ דאַנק. אַ פיינעם ברודער האָסטו, יצחק.

— אַ ביסעלע עלטער פון מיר און אַ בעסערער מכניס אורחים, נישט אַזױ?

— עלטער פון דיר? און איך האָב געמיינט — — — איר זעט אויס — האָט זי אָפּגעדרייט דעם קאָפּ צו מעכלען — — —

— יאָ, אַלע מיינען, אַז כ'בין יונגער — איז ער פּערלען אַריין אין די רייד.

ער האָט אין אירע אויגן אויסגעזען — אַ בחורל: אַ יינגליש פּנים מיט אַ קורץ פאַרריסן נעזל; אַ פאַרקאַטשעטע גאָמבע; שאַרפע קינען; קליינע עטװאָס פאַרלאָפענע אייגעלעך; פעטע ליפּן; דאָס קול, דער שמייכל — יצחקס.

— זיצט, מאַכט אייך באַקװעם — האָט מעכל פריילעך־אויפגערעגט איר אונטערגערוקט אַ בענקל. פּערעלע איז פון ראַנד בעט אַריבער אויפן בענקל. איר שטים האָט זיך אַצינד געהערט זיכערער, היימישער:

— נו, און דער אַלקער?

— איך בלייב דאָ — האָט מעכל געענטפערט.

אַלע האָבן זיך איבערגעקוקט.

פערעלעס שווייגן, ס׳אַנשטעלן אירע פּאַספּאַר–בליקן אַ מאָל אויף יצחקן, אַ מאָל אויף זיין ברודער, האָט מעכלען מבולבל געמאַכט.

פאַראַן רגעס, ווען בליקן פאַלן אויף אַ פּנים און שפּירסט תיכף אַן אינערלעכע אויפרודערונג. ווערסט באַהערשט פון אַ געהיימען כּוח און האָסט נישט קיין צייט צו טראַכטן ווי אַזוי, ווען עס געשעט. דער כּוח מאַכט דיך אי דערהויבן, אי נכנע...

פון דער ערשטער מינוט, וואָס מעכל האָט דערזען דאָס פּנים, דעם קוים־קוימיקן שמייכל, ס׳גזשיווקעלע איבערן שטערן — האָט ער געשפּירט אַט די אויפרודערונג: אַ זיסע תאווה און אַ רייץ; ס׳האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז ער קאָן איר, אַז ערגעץ האָט ער דאָס פּנים געזען, געהערט איר קול.



צוויי וואָכן שפּעטער, צוריק אַהיים פון יצחקס חתונה — אייגנטלעך — חופּה, וואָס איז געפּראַוועט געוואָרן ביי אַ ווינקל־רב אין הויף מיט אַ מנין יידן — איז פערעלע געגאַנגען מיט מעכלען אין קאַוואַלערסקע אַלקערל.

ס׳האָט זיך געשטעלט אַ קאַלטער האַרבסט. פערעלעס ערשטער האַרבסט אויף דער פריי. אַ היים האָט זי נישט וואָס צו פאַרן. זי האָט געשריבן אַ קאַרטל „מען זאָל נישט איבערקלערן. זי וועט זיך שוין היטן. זי איז געזונט. פילט זיך גוט. יאָ. זי ווייסט שוין וואָס זי האָט צו טאָן. זי איז שוין נישט קיין קליין מיידעלע״.

אין אַלקערל איז געשטאַנען אַן אַלטער קאַמאָד מיט שפּייז, וואָס מעכל האָט ליב אָנצוגרייטן. אַ טישל. אַ פּרימוס אויף אַ בענקל. אַ בעט. אַ קישן און צוויי וואַטענע קאָלדרעס.

צוויי פרילינגס און צוויי האַרבסטן האָט פערעלע דעם טעם פון אַ היימיש ווינקל נישט געוווסט. יצחקס אַפּווייכנדיקער בליק יענעם ערשטן אָוונט האָט ווי אַ חלף — שאַרף און טיף — אַ שניט געטאָן אין האַלדז פון איר האָפענונג. אין תפיסה האָט זי זיך אויסגעלערנט איבערטראָגן קלעפּ און עלבונות.

דער קלאַפּ איז געקומען אומגעריכט. זי האָט זיך נישט פאַרלאָרן. נישט אין גאַנצן מוותר זיין — האָט זי אויף גיך, ווי איר טבע, געמאַכט אין דער שטיל דעם „חשבון" — גורלדיקער חשבון: „אויב נישט ער — איז כאָטשבי זיין משפחה־נאָמען".

„נישט יצחק — איז מעכל".

„נישט קיין ווייב — איז אַ שוועגערין".

## ב

דער פּלאַן טנטורה איז יצחקן געפעלן געוואָרן.

— נו, און באַשע?

יצחק האָט נישט אַזוי גיך געענטפערט. האָט שוין מעכל פון זיין גרימאַס אויפן פּנים פאַרשטאַנען:

— ער, זיין ברודער, עצהט זיך נישט מיטן ווייב.

יעדן טאָג זיבן אין דער פרי גייט מעכל אין צרכניה איינקויפן אויף אַ גאַנצן טאָג. ער טויג זיך אויס צו דעם. פּערעלע און באַשע, אין די באָד־קאָסטיומען הינטער די אָפענע מאַרגנראָקן — זענען אַוועק צום ים. יצחק איז געבליבן אין שטוב.

נעכטן נאָך מיטאָג איז מען אַהער געקומען. מיד פון וועג — איז מען אַוועק זיך אָפּפרישן. אין די פּאַרנאַכט־שעהען איז דאָס וואַסער לעבלעך־ליב־לעך. אַן אַמבט ממש. ביז נאַכט האָט מען זיך געבאָדן. צוריקגעקומען, אַוועק־געפאַלן אויף די בעטלעך, ווי נאָך אַ שווערן טאָג אַרבעט. איז היינט געווען וואָס צו טאָן. מ'האָט באַדאַרפט אַלץ אין אָרדענונג ברענגען. און ער האָט ליב סדר, יצחק. אויך זיין אַרבעט פאָדערט עס. וועט ער שוין אויסאַרבעטן אַ פּלאַן, לויט די כוווני־אַוויר, ווו שטעלן די בעטן, די צוויי מלבושים־שענק. בודק זיין די דראָט־שאַטקעס אויף די פענצטער, לופטערן די חדרים און מיט דער פליט־מאַשינקע ספּראַווען זיך מיט די פליגן, קאָמאַרן, וואָס זענען דאָ, אין דאָרף, אָפטע, אומגעבעטענע געסט ביי טאָג און ביי נאַכט.

האָט ער שוין אַלץ אָפּגעטאָן, יצחק, מיט אַ סיגאַרעטל אין מויל שטייט ער און קוקט אַרויס.

ווי אַ דאָרפישער טראַקט ציט זיך דער הויפּט־וועג. פון ביידע זייטן

וועג — הייזקעס. נידעריקע פענצטער. גערטנדלעך. בלומען. צעמענט־קלאַט־קעס ביי די טירן. הייפלעך מיט דאָרפישער באַלעבאַטישקייט. אַ סך פרייער באָדן צווישן די הייזקעס. נאַקעטער, גרויער, רויער באָדן. הרודעס ערד פאַרהאַרטעוועטע פון ים־ווינט. דערנער. ווילדגעוויקס. אַ ווייסער מיאַל, אַ טרוקענער, פאַרדעקט ס׳פאַרזשאַווערטע גרין, די זאַמד־שטעגלעך. אין עק פון דאָרף — געבייען פון נאַקעטן צעמענט. אַסבעסט־דעכלעך אויף אייזן־שטאַנגען — שטאַלן. פירקאַנטיקע בינטלעך שטרוי גאַרענען זיך. אַ ריח פון קו־מיסט, היי, געשניטן גראָז.

אַנדערהאַלבן צענדליק קילאָמעטער פון דאַנען, צפונדיק, שפרייט זיך — בערגיק־גרין — זיכרון יעקב. איינע פון די עלטסטע ישובים באַקאַנט פון די יקב־קעלערן, ווייך־ראַפינעריעס פון באַראָנס צייטן. די ערד איז דאָ אַ שוואַרצע, אַ פרוכטבאַרע. אַ סך ביימער, ס׳רוב — אייקאַליפּטוסן. די לופט — אַ קילע, אַ ריינע.

און אָט זעט ער, זייטיק פון כורכר־וועג אַ פייגנבוים. ווי קומט דאָ אהער אַ פייגנבוים? — וווּנדערט ער זיך — זיי וואַקסן דאָך צווישן שטיינער און פעלדזן. היגער באָדן „האָט ליב" פאַלמעס. די שלאַנקע פאַלמע קריינט די סטעפּישע ליידיקייט. די זאַמדן בריען אויס די נאַרונג פאַר די וואָרצלען. די פאַרריסענע, קיילעכדיקע דינקייט פון דער פאַלמע, וואָס אַ ליאַדע ווינט, דאַכט זיך, קען זי איבערברעכן — איז פאַרהאַרטעוועט און געכפלט מיטן כוח פון מער ווי איין שטאַם. וווּנדערלעך־שטאַרקע ביימער, די פאַלמעס.

ווי אַ שאָטנבוים — הויך און ברייט — שפרייטן זיך די געדיכטע צווייגן פון פייגנבוים. די נאַקעטע וואָרצלען, ווי קראַמפּהאַפטע הענט. פינגער, קלאַ־מערן זיך אין דער ערד. אוודאי פאַרהאַלטן דעם בוים אין זיינע לעצטע מינוטן פון פאַלן. געראַטעוועט אים פון אַ זאַמד־שטורעם.

מעכל איז אָנגעקומען. אין איין האַנט טראָגט ער אַ פולן קויש. אין דער צווייטער — אַ ניילאָן־שאַטקע. אַ לאַנג געבייטלט ברויט זעט מען אַרויס. זיין פנים איז פאַרפלאָמט. ס׳דינע טריקאָ־העמדל רונדיקט אויס זיינע קורצע, ווייכע אָרעמס און דאָס בייכל, וואָס ר׳איז געקומען דאָ אַראָפּוואַרפן. אַ שטויביקער שוויס באַדעקט זיין שטערן.

— האָ, יענע דאַטשע ? — האָט אים יצחק מקבל פּנים געווען.

— ווייסעכוואָס.

באַשע, וואָס איז מער ווי אַלע עוסק אין קיך, האָט זיך מיט מעכלען אַרויסגעהאָלפן. ער איז איר רעכטע האַנט. שטוב–אַרבעט איז ביי מעכלען „ס׳צווייטע פאַך״ — וויצלט מען זיך. אין דער היים פאָרט ער צוויי מאָל אין דער וואָך אויפן כרמל–שוק. די מאַשין פירט — מאַכט ער. אַוודאי מיט אַן אייגענע מאַשין פאָרט זיך בעסער — גיט ער צו מיט אַ ביסעלע גדלות אין קול. אַ ווערקשטעל אויף איינע פון די דרום–תל־אביבער גאַסן. האַלט אַ מענטש און אַ יינגל. צוויי אויסגעגעבענע קינדער. אויסגעכאָוועט מיט לערע, מיט אַנטאָן, מיט אַלץ, וואָס קינדער פאָדערן היינטיקע צייטן. די לעצטע ווערטער „קינדער״, „היינטיקע צייטן״ — האָט ער ליב צו זאָגן, אַז פערעלע זאָל הערן.

פאַר וואָס פאַרגינט זי זיך נישט אַ שמייכל טאָן צו אים ? אַנדערע פרויען אַרבעטן. העלפן צו דער פּרנסה. זי איז אַ מאַדאַם. צוויי מאָל אין דער וואָך קומט אַ תימנרין ספּאָנדזשע מאַכן. טוט ער זיך אַמאָל אַן אַ כּוח און פרעגט :

— זאָג מיר, פערעלע, ס׳פעלט דיר עפּעס ,חלילה, ביי מיר ?

— גליקלעך, ווי די ראַבע קאַץ.

קרענקט עס אים. נאָר ער שווייגט. זאָל זיינס איבערגיין.

ג

דעם ערשטן פרייטאָג־צונאַכטס אין טנטורה. אַ שעה, צוויי פאַר ליכט–צונדן, מיד פון אַ גאַנצן טאָג אַרומלויפן — האָט מעכל זיך אויסגעצויגן אויפן ליגבעטל אין דרויסן און איינגעשלאָפן. פערעלע און באַשע זענען געווען אינעווייניק, ווי דער שטייגער — געפּלאַפּלט.

ביז זיי וועלן צוגרייטן דעם שבת און אויפהערן מוטלען — האָט יצחק זיך געטראַכט — איז אַ גלייכע זאַך צושפּאַצירן צום ים.

אין דער פאַרנאַכט–שעה איז דער ים רויק. גערוישלאָז לויפן אָן די כוואַליעס, גיבן אַ לעק דעם ברעג און גליטשן זיך צוריק. אַ שטיל געפּליסטער טראָגן מיט זיך די כוואַליעס, אַ מין ניגון, וואָס ער אַליין, דאָ ווייט פון

מענטשן, קאָן אים הערן. פון יענער זייט ים קומט דער ניגון און טראָגט מיט זיך אַ בענקשאַפט. —

פייגעלע.

אַ גימנאַזיסטין, אין אַ גראַנאַט־קליידל מיט אַ ווייס „בע־בע״ קעל־נערל, העכער פון מיטעלער וווקס, דינער האַלדז, פאַרשעמטע, קלוגע אויגן הינטער שוואַרצע, אַראָפּגעלאָזטע ברעמען, פולע, זאַפטיקע ליפּן — זיי פאַרשליסן אין זיך אַ סוד. און אים האָט אַזוי צום סוד געצויגן, ווי אַ נאָדעלע צום מאַגנעט. פייגעלעס זכר אין זיין געדעכעניש — אַ פידעלע אויף דער וואַנט — אויף די ווענטלעך פון זיין האַרץ. פערעלע האָט נישט געשפּילט ביי אים די „ערשטע פידל״. באַשע — אוודאי נישט.

וואַקאַציעס.

ער איז אַוועק קיין וואַרשע. צוריק מיט אַ יאָר איז מעכל געפאָרן. ער אַרבעט, מעכל. ער וועט אים העלפן פאַרדינען אויף אויסקומעניש, אויף לערנען. ער איז אַ גוטער, אַ גוטער ברודער מעכל.

פייגעלע פאָרט אויך. זי האָט אַ מומע אין וואַרשע. זי וועט זיך ביי איר אויפהאַלטן ביז איבער די וואַקאַציעס. נישט מער ווי איין וואָך איז זי אונטערגעוועזן. די מאַמע האָט אַלאַרמירט — יעדן טאָג אַ קאַרטל:

„אַ מיידל, אַ קינד אין דער פרעמד. אַ ווייטע מומע. אַ בחור פאַרדרייט איר דעם קאָפּ. אַהיימקומען״.

אַ טאָג פאַרן אַהיימפאָרן, אַ זונטיק, האָבן זיי ביידע געמאַכט אַן אויס־פלוג מיטן סטאַטיק אויף דער ווייסל. מער האָט ער איר נישט געזען.



ער האָט אונטערגעהונגערט. מעגלעך — אויך באַשע. זי האָט אַרויס־געוויזן בקיאות אין צונויפדרייען אַ מיטאָג פון שהי־פּהי. ריין סערווירט אַן אַרעמען, קאָוואַלערסקי טיש. אין איר טעשל זענען תמיד געווען עטלעכע גראָשן, וואָס האָבן אים געפעלט אויסצושטיקעווען דעם טאָג, שכר דירה, שכר־לימוד.

פון אַ בשותפותדיקער קאַסע —. צו אַ בשותפותדיק בעט.

ערשטער סעפּטעמבער נײַנצן נײַן און דרײַסיק. הינטער וואַרשע —

פּייערן פון דײַטשישע טאַנקען. אין זשאַליבאַזש גראָבט מען אַנטי־טאַנקען־קאַנאַלן. אַלע מענער פון זעכצן ביז פערציק װערן גערופן. מען אַנטלױפט. מיט ביידע בריקן — קערעבעדזשער און פּאַניאַטאַװסקי — ציִען מחנות מענטשן. ערשט מיט צװײ װאָכן צוריק האָבן זײ אַ חופה געשטעלט. אויף שכירות אין אַ קליינעם אַלקער געװוינט. מיט אַ גאַז־מאַסקע און אַ לאָפּעטע איז ער מיט אַ גרופּע יונגע־לײַט אַװעק קאַנאַלן גראָבן. באַשע האָט זיך צוגעכאַפּט אַ היים צו דער מאַמען — אַ שטעטל אויפן בוג.



עס האָט שוין געטונקלט װען יצחק איז צוריקגעגאַנגען פון ים. די פּלעמלעך אין די שײַבלעך ציטערן, װי די נאָר װאָס אָנגעצונדענע שטערן אין הימל. פּייערלעכער ליכט־דעמער.

פרייטיק צו נאַכטס.

דאָס ערשטע מאָל זעט ער אַ ייִדיש דאָרף אין דער שעה פון ליכטצינדן.

עטלעכע יונגע־לײַט מיט „קעפּעלעך". אַן אַלטער מאַן אין אַ קאַשקעט, אין אַ געװאַנטענער קאַפּאָטע. מען גייט אין דער ברייט פון טראַקט. צום שולעכל, װאָס ביים עק װעג גייט מען. אויך זיין טאַטע האָט אין די פרייטיק־צונאַכטסן — זומער און װינטער — געטראָגן אַ געװאַנטענע קאַפּאָטע. מער װי איינע האָט ער נישט געהאַט. דאָס לעצטע מאָל האָט ער געזען דעם טאַטן סעפּ־טעמבער ניינצן ניין און דרייסיק, גראָד יענעם פרייטיק.

ד

יצחק האָט געטראָפן באַשען און פּערלען אין דרויסן. זיי האָבן נאָך אַלץ געפּלאַפּלט װי בעתן אַרויסגיין פון שטוב.

— ניין מאָס רייד.

— נו, נו — האָבן ביידע געענטפערט — אַבי מ׳זעט דיך.

באַשע האָט אים געפרעגט, צי ער װיל עסן. מ׳האָט געװאַרט אויף אים. געזען ער פאַרזאַמט זיך, האָט מען עפּעס איבערגעכאַפּט. אויך מעכל האָט היינט „געשטרייקט" מיטן נאַכטעסן. ער שלאָפט. ער איז נישט הונגעריק, יצחק. ער איז מיד. ער גייט זיך צולייגן.

— יאָ, אָקעגן דעם, װאָס ער לאָזט דיך תמיד אַליין — האָט פּערעלע

ווייטער געצויגן דעם איבערגעריסענעם שמועס — גייט נישט מיט דיר אין קינאָ, צו פריינד, חברים. און ביי מיר איז בעסער ?

— דו... דו ווילסט דאָך נישט.

— איז ביי דיר פאַרקערט: וויל ער נישט. אַזוי גייט עס שוין. תמיד קאַפּויער. שוין שפּעט. מען דאַרף מאַכן נאַכט — האָבן זיךביידע געכאַפּט.

— העי, דאַטשניק, הייב זיך אויף און גיי לייג זיך.

פערעלעס קול האָט מעכלען אויפגעוועקט.

מ׳האָט אַריינגעדרייט ס׳ליכט. אַריין אין די בעטן. מעכל איז געלעגן אַן אויסגעשלאָפענער. פערעלע — צו אים מיט דער פּלייצע — געמאַכט זיך שלאָפן. ער האָט זיך פאַמעלעכקע צוגערוקט. לייכט אַ פּיר געטאָן מיט דער האַנט איבערן אָרעמבענדל פון איר נאַכטהעמד. מיט די שפּיץ פּיספינגער אַראָפּגעצויגן די פּיקענע קאָלדרע. זיך צוגעטוליעט. פערעלע האָט דער־שפּירט זיין הארֿיקן פוס אויף אירן. ער האָט געמאַכט אַ תנועה פון צוריק־ציִען זיך. אונטערגעהוסט, ווי אייגער, וואָס וויל זיך היימלעך מאַכן בעת ער גייט פאַרביי אַ סכנהדיק אָרט:

— פערלשי, שלאָפסט ?

— גיי, לאָמעך געמאַך.

— המ... אויסגערוט... זומער־ווווינונג, וואָסי ?

— כ׳ל דיר מאָרגן אָפּגעבן ראַפּאָרט.

— המ... ביסט דאָך נישט אַזוי שלעכט...

— חונף... היקע נישט. לאָמיך שלאָפן.

— נו, שוין. שפּעטער.

מעכל האָט זיך אָפּגעדרייט. פּלייצע צו פּלייצע זענען זיי געבליבן ליגן.

אין צווייטן חדר איז באַשע געלעגן אַ וואָכע. ווי מלבושים אָנגעוואָר־פענע אין אַ שאַנק האָבן זיך געפּלאָנטערט אין קאָפּ פערעלעס רייד. זי האָט זיי נישט געקענט צונויפנעמען. פאַר וואָס שפּילט זי מיט אים ס׳טעיאַטער ? וואָס טויג איר נישט ביי אים. וואָס פעלט איר ביי מעכלען ? קליידער פון די שענסטע מאָדעס. שעהען לאַנג זיצט זי אָפּ אין דער רעזורע. אין שטוב — פון כל טוב. צוויי קינדער אויסגעגעבן. און סך־הכל — יונגע מענטשן: ביידע אונטער די פופציק. נישט פון קנאה, חלילה, רעדט זי. זי פאַרגינט

איר מיטן גאַנצן האַרץ. ס׳פּאַרדריסט: מיט וואָס שטייט זי אַזוי אין גרויסן? מיט די צוויי יאָר תפיסה? דעם נדן, וואָס זי האָט פון דאָרטן געבראַכט? צי גרייט זי כאַטשבי אַ מיטאָג צו מעכלס אַהיימקומען? אַ פאַרהאָרעוועטער, אַ פאַרייאָגטער מענטש. אַ רחמנות אויף אים.

אַ גוטער יונג. געטריי. און זי — אַ פאַלשע קאַץ. האָט זי אַ מאָל יאָ עפּעס אָפּגעקאָכט — שטעלט זי ס׳עסן אַוועק אויפן טיש און טראָגט זיך אָפּ. זי האָט עפּעס צו דערליידיקן. אַקוראַט ווען מעכל קומט אַ היים, דאַרף זי אַוועקגיין.

ער, מעכל, האָט ליב צו זען ווי פּערעלע דרייט זיך אין שטוב בעת ער וואַרפט אַראָפּ פון זיך די אַרבעטס־קליידער, מאַכט זיך אָן אַמבט — האָט ער זיך אַנומלט פאַר איר פאַרטרויט — זי זאָל אים כאַטש איין מאָל אַריינדערלאַנגען אַ האַנטעך, די שטעקשיך.

— זי זאָל זיך כאַטש איין מאָל צוזעצן צום טיש און פרעגן: „ווי איז דיר דורך דער טאָג? ווי גייט די אַרבעט?״

כשר געערעכט, מעכל, אַזאַ גוטער גראַדער מעכל. אַלע גוטע ליידן. זי מיינט עס אויך אַקעגן זיך.

יצחק האָט געשפּירט, ווי באַשע דרייט זיך אויף אַלע זייטן:

— פאַר וואָס שלאָפסטו נישט?

— כ׳קאָן נישט שלאָפן.

— וואָסי?

— גאָרנישט.

— וואָס איז שוין ווידער „גאָרנישט״?

— מאַכסט זיך קילעיאַדע...

— זכרונות? ס׳קינד?

— צו וואָס צעיאַטערן אַן אַלטן בלאָטער?

— פאַר וואָס, באַשע, רעדסטו האַלבע ווערטער?

— וואָס האָב איך פון דיינע גאַנצע ווערטער? — וואַרפסט זיי אונטער, ווי פאַלשע מטבעות.

— כ׳האָב נישט קיין אַנדערע.

— אויך איך... באַצאַל דערפאַר מיטן געזונט.

— און איך — מיט לעבנסלענגלעכע יסורים.

אויך פּערעלע איז נישט געשלאָפן.

באַשע האָט, קאָנטיק, צום אַרויסגיין פאַרגעסן פאַרמאַכן די טיר. זייער שטילער איבערשמועס איז צו איר דערגאַנגען.

אָרעמע באַשע, בהמהלע, אַ כשר בהמהלע — האָט זי צו זיך געזאָגט. ווי זי ליידט עס ביי אים. די ערשטע יאָרן אין לאַנד זיך געראַנגלט מיטן „לאָקש״. זי קען נישט ליידן, ווי זיין יינגערער ברודער פייניקט זיך — האָט זי — מעכלען געזאָגט: „דיינס אַ ברודער, אַ יינגערער ברודער, מען דאַרף אים העלפן״.

און מעכל האָט געהאָלפן:

אַ טשעקעלע סוף חודש; אַן הלוואהלע וואָס איז מיט דער צייט געוואָרן אַ מתנה; צוויי מאָל אין יאָר — צו פּסח און צו די ימים נוראים — אַ שיין איבערהעמד; אַ זומער־לאַטש; אַן איינמאָליקע שטיצע צו סילוקן אַ פאַר־לעגענעם חוב אין שפּייז־געוועלבל, ווו מען נעמט „אויפן בוך״.

פון חודש צו חודש איז מען איבערן חוב אַריבערגעשפּרונגען, ווי איבער אַ שטייענדיק וואַסערל. — באַשע האָט געזאָגט יצחקן, אַז זי שעמט זיך פאַרבייגיין ס׳געוועלבל...

ערשט, אַז יצחק האָט אַ קניפּ־געטאָן די באַק אַז די פאַרב זאָל שטיין, איז עס פאַר איר, פּערעלען, אַ סימן, אַז זי דאַרף אַ מונטער טאָן מעכלען:

— זי קען נישט צוקוקן, ווי זיי פייניקן זיך...

אַוודאי האָט איר הנאה געטאָן, וואָס זי קען אים העלפן, דעם יחסן. מיט וואָס שטייט ער אַזוי אין גרויסן? האָט קיין מאָל נישט קיין צייט. קאָרג אויף אַ וואָרט צום אייגענעם ווייב. און צו אַנדערע? — אַ שטילער גענייסער. וואָרט אַוודאי נישט אויף די חסדים פון באַשען. תמיד אַן אויס־געפּוצטער. מאַכט אַ רושם. דעם אמת דאַרף מען זאָגן: נאָך אַלץ אַ שיינער מאַן. דער היפּוך פון מעכלען. העכער פון אים מיט אַ קאָפּ. די צוויי לענג־לעכע קאַרבן אַרום מויל, די גראָע שלייפן, גיבן צו חשיבות זיין קערנדיק פּנים. האַריקע ברוסט. ענערגישע הענט. זיי פאַסן גיכער פאַר זיין ברודער — דעם עלעקטראָטעכניק. זי האָט זיי געזען, זיינע איידעלע, שמאָלע פינגער בעתן פּרוּוון אַנוואַרפן אויף אַ פּאַפּיר־סערוועטקע פון טיש עטלעכע שטריכן

צו אַ פּלאַן. ער דערציילט איר אָפּט וועגן זיינע פּלענער צו גרעסערע בנינים, נייע שיכּונים. אַנומלט איז ער געווען אין ערד, אַן אַלטע שטאָט פון די כּנענים–צייטן. נאַקעטער, וויסטער שטח. דער באָדן — גראָ און טרוקן. דאָ און דאָרט — שרידים פון שטיינער–טעראַסעס, פון די רוימישע און ביזאַנטישע צייטן: פּוסט, אויסגעהוילט פון מענטשלעכן אָטעם. אַ שטאָט וועט מען דאָרט אויסבויען — אַ נייעם ישוב צווישן מדבר יהודה און נגב. עולים באַזעצן. אַ סך שיכּונים וועט מען דאָרט שטעלן.

זי האָט ליב דאָס פלעמל אין זיינע אויגן בשעת ער קלערט איר אויף דאָס פּראָבלעם פון די כּוווני–אַוויר: דאָ אין לאַנד שפּילט דאָס אַ גרויסע ראָלע בעתן פּלאַנירן דירות. זי קוקט אויף יצחקס הענט און זעט מעכלס קורצע, גראָבלעכע פינגער. הארבערשטלעך פון אויבן און אונטן — צע־שעקעט, צעקאָרבט. סאָראַ שוואַרצקייט אונטער די נעגל. יצחקס לעבעדיקע פייערלעך אין די אויגן און מעכלס טעמפּער בליק, זיין נאַרישן שמייכל. די אַכט, צען טעג, וואָס מ׳איז צוזאַמען — ווי די ווייזערס פון צייט וואָלטן זיך אַ רוק געטאָן אויף צוריק מיט וועלכע צוואַנציק יאָר...

צוגעווינט זיך. געוווינשאַפט — די צווייטע נאַטור. און זי לעבט אַזוי מיטן שקר. יעדער אָפּגעלאָפענער טאָג איז ווי דאָס לייגן נאַסע העלצער אויף אַ פייער: ס׳פייער צישעט, דושעט זיך. נישט סע ברענט. נישט סע לעשט זיך.

ווי אַזוי, ווען האָט זי מעכלען געבוירן אַזלעכע צוויי שאַנקעדיקע זין? — אסור צי זי ווייסט.

— ? און דאָרט, פון יענער זייט וואַנט

„און איך צאָל מיט לעבנסלענגלעכע יסורים" גוט אַזוי. אָפּגעגעבענע זאַכן. אויך ער לעבט מיטן שקר. פערל ליגט אַצינד און טונקעלן קליינעם חדר. אין איין בעט מיט איר מאַן ליגט זי און — ווי אין תפיסה, אין דער איינצל־קאַמער. אַריינגעוואָרפן געוואָרן אַהין פאַר נישט אָנטאָן אַרעס־טאַנטסקע קליידער.

ווי אין תפיסה קומען די שווערסטע שעהען מיט דער נאַכט. די צעל, ווי אַ קאַיוטע אין דער אונטערשטער טייל שיף. טונקל. און זי בענקט נאָך

ליכט און לעבן. שטוב. טאַטע־מאַמע. שבתדיקע טישן. אַן אָרעמער טיש אָבער חלה איז געווען. אַ ביסל יויך, אַ שטיקעלע פלייש, פיש. די שבתדיקע שפּאַצירן אויף דער בריק. הייסע דיסקוסיעס: פּאַלעסטינע — ביראָבידזשאַן. פּאַר און קעגן עמיגראַציע. רעוואָלוציאָנערע לידער. לידער פון אַרבעט, פון ליבע, פון בענקשאַפט.

דאָס קליינע פענצטערל אין צעל איז הויך איבערן קאָפּ. ס'טאָג–ליכט שניידט זיך שיף דורך אַ קראַטע און אַ טיפן גליף. דער מאָרגן איז בין־השמשותדיק. דער בין־השמשות — פינצטער. נישטאָ קיין זונאויפקום, קיין זון־אונטערגאַנג. דאָס עלעקטרישע לעמפּל שטעקט טיף אין פולאָפּ און איז אַרומגענומען מיט אַ בלעכן שיינדל. אין דער ערב–נאַכט־שעה ווילט זיך מער ווי אַ גאַנצן טאָג זען די גאַס, פּנימער. שפּירן די ריחות פון אָפּגייענ־דיקן טאָג, פון שפּאַצירנדיקע מענטשן אויף די טראָטואַרן.

נישט איין מאָל האָט זי זיך געשטעלט אויף די רערן פון דער צענ־טראַל–באַהייצונג, וואָס אונטערן פענצטערל. זיך געקלאַמערט אין די קראַטן, ווי אַ פויגל אין די דראָטענע ווענטלעך פון אַ שטייג. דאָס תפיסה–הויז שטייט טאָליק, נאָענט פון אַ באַרג. עטלעכע מעטער פון פענצטערל — דער טראָטואַר.

מען זעט נישט קיין מענטשן. אויך קיין פיס זעט מען נישט. שיך, שטיוול, לאַטשן. טריט הערט מען — טריט פון אַלטע לייט: יונגע, ענער־גישע טריט פון מענער.

הונגערשטרייק. זעקס טעג נישט געגעסן, נישט געטרונקען. מען זינגט. אַן כוחות ליגט מען אויף די שטרויזעק און מען זינגט. מער ווי דער הונגער האָט דערקוטשעט דער דורשט.

דער ברונעם אין מיטן הויף, ווו זיי האָבן געוווינט שטייט איר פאַר די אויגן. אַזוי פיל יאָרן שטייט ער דאָרט, דער ברונעם. ווען האָט זי געקוקט אויף אים? ווען האָט זי געטראַכט וועגן אַ ברונעם? צוויי גרויסע האָלצ־קעסלען אויף קייטן. איינער איז תמיד ליידיק. דער פולער — אונטן, אין ברונעם. אויף אַ האָלצוואָלעק הענגען זיי. אַרויף און אַראָפּ. טראָפּנס און טראָפּן־שנירלעך שפּרינגען צוריק אין ברונעם אַריין בעתן אַרויסהייבן אַ קעסל וואַסער.

אונטערשטעלן דאָס מויל, אַ לעק טאָן מיט דער טרוקענער צונג דעם פּייכטן קעסל — האָט זי געטראַכט.

אויך דער פּלומפּ אויף דער מאַרק-גאַס וואַקסט פּלוצעם אויס פאַר אירע אויגן. אַ שווער אייזערן הענטל מיט אַ גאַלקע הענגט אַראָפּ. מען גיט אַ הייב און אַ לאָז נאָך דאָס הענטל און פון אָפענעם פּיסק גיט אַ שטראָם וואַסער.

„וואַסער, וואַסער, אַ נאַקעטע וואָלט זי זיך אַריינגעוואָרפן אין ברונעם".

וועגן יצחקן האָט זי אין תפיסה געטראַכט מער ווי אויף דער פריי. זי האָט אים אַזוי באַגערט.

פון תפיסה — צוריק קיין וואַרשע, צו יצחקן. זיין שוויגן, זיין התנהגות יענעם אָוונט ווען זי איז צו אים אין אַלקער אַרויף. — אַפילו היינט איז עס איר שווער צו פאַרגעסן: — „נישט יצחק — איז מעכל" — „נישט קיין ווייב — איז אַ שוועגערין", — קלינגען איר נאָך אַ צינד די ווערטער. מעכל...

אַליין געגומען אויף זיך די קייטן. שווערער פון יענע קייטן, וואָס מ'האָט אויף איר אַרויפגעלייגט אויף די הענט בעתן איבערפירן איר פון קאָמיסאַריאַט אין תפיסה אַריין. מעכלס אַנפאַלן פון אויפריכטיקער ליבשאַפט, זיין גוטהאַרציקייט — לייגט אויף איר אַרויף אַ שווערע שולד. זי איז דער גורם פון זיינע ליידן. דערפאַר זענען אירע יסורים געכפלט.

זי דערמאָנט זיך די נאַכט פון אַרעסט.

דריי פאַרשוין זענען זיי געווען — האָט איר מאַמע דערציילט. מיטן טאַשנלעמפּל געזוכט אין אַלע ווינקעלעך פון שטוב. אונטער די בעטן, אין די בעטן. צווישן קאָמאָד און דער עטאַזשערקע, אין די שופלעדער. געשטעקט די הענט צווישן די פּרוזשינעס פון דער אַלטער קאַזעטקע מיטן צעריסענעם אויבערדעק. אַרויסגעשלעפּט ס'ביסל ליאַכעס פון שאַנק. ס'איבערבעט פון די קינדער אויפן שעניק אַראָפּגעצויגן. איבערגעדרייט די טעפּ. מיטן נאַכטהעמד איבער די פיס איז זיי די מאַמע נאָכגעלאָפן. גלייכגעלייגט, צוריקגעשטעלט. די קינדער האָבן זיך צעוויינט. נאָכגעגאַנגען זיי און געבראָכן די הענט, האָט זיך די מאַמע. מיט די דאַרע פינגער געשטאָכן די האַרנאָדלען אין שייטל אַריין. אויף צולהכעיס זענען די האָר צוריקגעפאַלן, זיך צע־

פלאַשעט. זי האָט אין גאַנצן געציטערט:

— פריץ-לעבן, וואָס וויל דער פּאַניע-פריץ? ווענען זוכט ער?

— וויפל זענט איר? — האָט זיך איינער פון זיי געוואָנדן צו איר.

— זעקס.

— ציילן.

— זי האָט אָנגעהויבן פון אונטן אַרויף: אויבן — אַראָפּ. זיך פאַר־פּלאָנטערט אין די נעמען. ווידער אָנגעהויבן. אין די וויסטע רגעס האָט זי אין גאַנצן פאַרגעסן ווי זי האַלט. זי האָט זיך געפּלאָנטערט איבער די נעמען פון אירע קינדער עלעהיי זי גייט אין אַ שטאָק־פינצטערער נאַכט איבער קיזלשטיינער. די בליקן פון די דריי האָבן איר נאָך מער צעטומלט און געשראָקן.

און זיי, די דריי האָט עס אָודאי געווילט:

— נאָך אַמאָל ציילן.

— אַהרעלע, בערעלע, פּערעלע...

— האַלט.

ביים לעצטן נאָמען האָבן זיי איר געהייסן שטיינבלייבן.

— ווו איז זי, פּערעלע, האָט איינער איר אַ לאָך געטאָן אין די אויגן.

— אוי, ווייַ איר זינד — האָט זי אויסגעשריען — גאַרנישט געוווּסט, אַז פּערעלע איז נישטאָ.

— זי איז דאָ. ביי אונדז איז זי — האָט געכיכקעט אַ צווייטער. זיינע לאַנגע שפּיצוואָנסן האָבן זיך געטרייסלט.

— פּאַניע, וואָס וויל דער פריץ פון דעם קינד? אַ מיידלטשינע?

— מיר וועלן איר געבן אַ לעקציע...

— וואָסער לעקציע? — און זי האָט זיך צעוויינט.

— לאָז איבער די טרערן אויף שפּעטער.

דער טאַטע איז אָנגעקומען גראַד די נאַכט געאַרבעט די צווייטע זמי־אַנע אין מיל. געזען די „געסט״ — האָט אים אָנגעכאַפּט אַ שטיקעניש אין האַלדז. געוואַלט, קאַנטיק, עפּעס זאָגן און נישט געקענט.

— פון וואַנען אַזוי שפּעט, פאָטערל?

— פון מיל. צווייטע זמיאַנע, פריץ — האָט די מאַמע געענטפערט.

מ׳האָט דעם טאַטן אַוועקגעזעצט אויף אַ שטול. צעקנעפּלט די מאַרי־נאַרקע. געשפּריצט אויף אים וואַסער. צוגעלייגט אַ נאַס האַנטעך צום קאָפּ.

## ה

„זי איז דער גורם פון מעכלס ליידן״.

אַ געפיל פון רחמים, פון מוטערלעכער גוטסקייט האָט זיך פּלוצעם דערוועקט אין איר צו איר מאַן. „אַ שוואַכלינג, אַ שלימזל״ — לאַכט פון אים זיין ברודער. אַ גיבור איז ער. שטיל, באהבה טראָגט ער זיינע יסורים.

זי האָט זיך אויסגעדרייט מיטן פּנים צו מעכלען. זיך איינגעהערט אין זיין שווערן שלאָפן. דינע גאַוווער־פּעדעם האָבן זיך געצויגן פון מעכלס מויל, גענעצט דאָס קישן.

גראָדער מעכל, אומגליקלעכער.

פּערלס הייסער אָטעם, אפשר דער שטילער שעפּטש, האָט אים איבער־געוועקט, דערשפּירט איר נאָענטקייט, האָט ער זיך ראַפּטעם איבערגעדרייט צו איר מיטן פּנים. זיך צוגערוקט. אַרומגענומען איר:

— פּערלשי?

זי האָט נישט געענטפערט. נישט דערווידערט. זי האָט אַרויפגעלייגט איר ווייכע, וואַרעמע האַנט אויף זיין קליינעם אַקסל. ער האָט דערשפּירט איר גלעט. איר צוגעדריקט צו זיך. זי האָט געפילט, ווי ער וויקלט איר אויס פון דינעם נאַכטהעמד. ער דרינגט אַריין אין איר. זי איז נישט נהנה. זי איז נכנע צו זיינע לאַסקעס.

ער איז נאָך דעם, ווי אַ קינד, וואָס מען וועקט איבער צום זייגן, געשמאַק איינגעשלאָפן.

יצחק און באַשע זענען געלעגן אין דאַרפישן בעט. ביידע זענען נישט געשלאָפן. אָפּגערוקט פון זיך, ווי צוויי רעלסן, וואָס ציִען זיך אין איין כּיוון און קומען זיך נישט צוזאַמען — זענען זיי מיט אָפענע אויגן צום פּולאָפּ געלעגן. דער שאַרף פון יענער זייט וואַנט האָט יצחקן אין עפּעס דערמאַנט; מעכל איז עלטער פון אים מיט אַנדערהאַלבן יאָר. קליינערהייט זענען זיי ביידע געווען פון איין גרייס. ביידע האָבן בשותפות געהאַט איין

ווינטער–פּעלצל.

אויפגעזוכט אַן אַלטן קאַזשוך מיט אַן אָפּגעבליאַקעוועטן ווייערך — אַן איבערבלייב פון זייער זיידן. עטלעכע יאָר האָט דער טאַטע געטראָגן דאָס „פוטער". נאָך דעם האָט מען עס איבערגעניצעוועט, געמאַכט דערפון אַ קורטקע, אַ מין ווינטער–פּעלצל. אין שטוב האָבן זיך געדרייט צוויי יינגלעך כמעט אין איין עלטער, אין איין גרייס.

האָט מען באַשלאָסן:

„ביידע וועלן טראָגן דאָס פּעלצל — מעכל אַ וואָך און יצחקל אַ וואָך".

אַזוי האָט עס אָנגעהאַלטן ביז שבת–חנוכּה.

עס האָט זיך געשטעלט אַ שווערער ווינטער. פּרעסט און שנייען. ס'האָט געשיט און געשיט פון אַ פאַרגליווערטער ווייסקייט אַראָפּ. קיין זון האָט מען גישט געזען. אַן אויג אַ זוניקס האָט זיך אַ ווייז געטאָן צווישן צוועלף און איינס אַ זייגער: דורכגעשפּיזט אַ שניי–וואָלקנדל און פאַרשוווּנדן. פון די דעכער–ראַנדן האָבן סאָפּליעס אייז געטריפט, ווי איבערגעקערטע לעכט. טריפנדיק געפרירט, פרירנדיק — געטריפט. זיך געבראָכן און אַראָפּגעפאַלן. אין די מאָרגנס האָט די זילבערנע פוכיקייט אַרויסגעגעבן פון זיך אַ בלענדיקן גלאַנץ. דער גלאַנץ איז מאַט געוואָרן פון פאַלנדיקע שנייעלעך.

זיי האָבן געפריסעט אין די אויגן. געגעצט דאָס פּנים. געלייגט זיך אונטער די פיס מיט אַ סקריפּ.

די פּאַרע פון מויל איז געגאַנגען אויף אַרויף. פון די קוימענס דער רויך — אויך אויף אַרויף. אַ גאַקעטער מיט באַרוועסע פיס, בלויע, האָט געשפּאַנט דער פראָסט איבער ווייסע, נידעריקע דעכער, איבערן שאָסיי, וואָס האָט ווי אַ שמאָלער געפרווירענער טייך זיך געצויגן צווישן די הייזער, געוועלבער און ליידיקע פּלעצער.

אין סאַמע מיטן ווינטער האָט דער קליינער יצחקל געטאָן אַ שאָס אַרויף — דאַך און הויך. אַ שלאַנק בחורל מיט לאַנגע הענט. די אַרבל האָבן אים געסטייעט ביז די עלנבויגנס. אויסגעוואָקסן. ער האָט דעם בגד מער נישט געקענט אַרויפצי̇ען אויף זיך. מעכלען — האָט אָפּגעגליקט. ער איז געבליבן ביים פּעלצל.

— האָט אים אויך אָפּגעגליקט, וואָס ר'איז געבליבן ביי פּערלען?

זיי האָבן דערוועגן קיין מאָל נישט גערעדט.

פערעלע האָט יאָ זיך פאַר יצחקן פאַרטרויט:

„אַלע מעלות פון אַ גוטן מאַן האָט ער, דיין ברודער. און דאָס איז זיין חסרון".

— אַזוי גאָר?

— יאָ. אַ גוטער, האַרציקער, איידעלער מענטש. דאָס טוט מיר וויי. ער וועקט רחמנות. איך לייד פון דער אומליבע צו אים.

— און ערליידט פון דער ליבע צו דיר. — האָט יצחק אַ זאָג געטאָן און אַנטשוויגן געוואָרן.



שפּעט ביי נאַכט. שווער זיך צוגעוווינען צום נייעם אָרט. צום נייעם געלעגער. באַשע קען נישט איינשלאָפן. דערמאָנונגען, זכרונות מאַכן איר דאָ לענגער, שווערער די נעכט.

...ווארשע — אַ שטיפמאַמע. אַן אייגענע מאַמע, אַ לייבלעכע, פאַרלאָזט — איר מאַמע:

דערלאַנגען צום טיש איז זי געווען די ערשטע כאָטש אין שטוב האָבן זיך געדרייט צוויי אונטערגעוואַקסענע מיידלעך — זי און די שוועסטער. צום עסן — איז זי די לעצטע. סטייעט — כאַפּט זי אויך אַ ביס. די לעצטע יאָרן פאַר דער מלחמה איז שווערער געוואָרן מיט פּרנסה. דער האַנדל האָט זיך אָפּגעשטעלט. שיקאַנעס אויף יידן. פּיקעטן אין די יידישע געוועלבער.

דער טאַטע איז מער אין שטוב, ווי אויף דער אַרבעט. קרענקט אונטער. די מאַמע — אַ פאַרדאגהטע, טריקנט אָפּ די טעג. איז נישטאָ קיין פיש אויף שבת — איז גוט אַ געהאַקט הערינגל. נישטאָ קיין קוילעטש — איז גוט אַ פּראָסטע חלה. דאָס גלייכן — פלייש; אַ קישקע, אַ גראַשיצע, הינער־דרויב, אַ שטיקל לונג. אַ מאַן קוים עסט ער נישט ווי ס'באַדאַרף צו זיין — פאַלט ער פון די פיס — פלעגט די מאַמע זאָגן.

אויף איר, באַשען, האָט מען געזאָגט — „די מאַמע פון אויג אַרויס".

אויך אין די אינטימע רגעס מיט יצחקן האָט זי זיך אַזוי געפירט — אים צוליב געטאָן. נאָכגעקומען זיינע „משוגענע שטיק", וואָס ער האָט

געברענגט פון גאָס אין בעט אַריין. שפּעט, צו שפּעט זיך געכאַפּט.

רעגסווייז ווערט זי אַנטשלאָפן. כאַפּט זיך איבער און זינקט ווידער אין חלומות, דאַכטענישן... זי פאַלט פון ערגעץ אַראָפּ — אין אַ תהום אַריין פאַלט זי. דאָס דאַכטעניש זאָל שטאַמען, האָט זי געהערט, פון יענע אור־צייטן, ווען דער מענטש־מאַלפּע האָט געלעבט אויף ביימער, אין דזשונגל. וויפל צייט זינט דעמאָלט און דער טויט־פחד לאָזט אַלץ נישט אָפּ.

ווי לאַנג וועט נאָך אָנהאַלטן דער אויפציטער אין די הערצער, אין געמיט פון די, וואָס זענען פון לעצטן דזשונגל לעבעדיק אַרויס?

...עטלעכע הונדערט מענטשן: מענער, ווייבער, קינדער שטייען אַרומ־געריגלט פון געסטאַפּאָווצעס. אַ פינצטערע, רעגנדיקע נאַכט. לעם איר דרייט זיך איינער, אַ יונגער ס. ס.

„ביסט דאָך אַ מענטש. האָסט אַ האַרץ. איך וויל לעבן. כ'בין נאָך אַזוי יונג" — האָט זי זיך מיט אַ מאָל געגעבן אַ דריי אויס צו אים און געזאָגט. ווו האָט זי גענומען כּוח, העזה דאָס צו זאָגן? ווען האָט זי די ווערטער צוגעטראַכט? צי האָט זי בכלל אין די רגעס געטראַכט? צו וועמען רעדט זי אַזוי? — אסור צי זי ווייסט עס היינט, צי זי וועט אַ מאָל די זאַך זיך קענען דערקלערן.

פאַר אַזאַ חוצפּה פון אַ „דרעקיקער יידישקע" האָט מען דאָך געקענט באַצאָלן מיטן לעבן: אפשר טאַקע דערפאַר, וואָס דאָס לעבן פון אַלע דאָרטן האָט שוין נישט געהערט צום מענטש גופא, נאָר זיי די רוצחים?

און דער נס איז געשען:

„לויף — מאַכט ער — אָבער איך מוז שיסן".

זי איז נעלם געוואָרן. לעם איר איז געשטאַנען די מאַמע. אַוודאי צוגעקוקט זיך מיט גרויס האַרצקלאַפּעניש צו איר „משוגעת". זי האָט אין די געציילטע סעקונדן אַ וואָרף געטאָן צו איר די שאַל, וואָס זי האָט פון זיך אַראָפּגעצויגן, און געשעפּטשעט:

„נעם, באַשעלע, ס'וועט דיר קאַלט זיין".

און ווו האָט זי כּוח גענומען צו לויפן אין דער רעגנדיקער, טעמנער נאַכט אַ לאַנגן טויטמאַרש פון אין דער פרי? אַ גאַנצן טאָג אָן עסן. אָן אַ שלונג וואַסער. אונטער קלעפּ פון קאָלבעס און שטעקנס. פּייער פון

מאַשינגעווער. קוילן איבער די קעפּ. וויגעשרייען. הרוגים. יעדער איינער קנוילט זיך, דרייט זיך אין דרייען — וויל ווערן, וואָס קלענער, נידעריקער, — גלייך מיט דער ערד וויל מען ווערן, כּדי די קויל זאָל אים מיידן.

פון פאָרנט און פון הינטן ס.ס.-לייט אויף מאַשינען, שיסן אין די אומגליקלעכע, לויפנדיקע — שיסן און לאַכן הויך אויפן קול. ס׳פרייט זיי, קאַנטיק, דער ספּעקטאַקל פון די „קאָמישע דרעקיקע יודן״. זיי פאָרן פאַ־מעלעך, יאָגן אונטער די לויפנדיקע. שווערע, האַרבסטיקע, רעגנס. שוואַרצע, בלאָטיקע ערד — פּוילישע, פעטע ערד.

ס׳גערעדנקט זיך אַ בילד: אַ הויכער, דיקער מענטש איז אַריין אין אַ טיפער בלאָטע. ער זינקט. ער שרייט, בעט עמעצער זאָל אים דערלאַנגען אַ האַנט. קיינער וואַגט נישט. יעדער איינער איז פאַרנומען מיט זיין אייגע־נעם ווייטיק און פּחד. העלפן אַזאַ איינעם אין מיטן „מאַרש״ מיינט — טויט. און יעדערער וויל לעבן. אוי, וויל מען לעבן. דער גרויסער גוף פון זינקענ־דיקן ייִד בייגט זיך, ברעכט זיך, ווי אַן אונטערגעהאַקטער בוים — ברעכט זיך און פאַלט. אַזוי בלייבט ער שטעקן אין בלאָטע. עס הערט זיך אַ שאָס...

ווי לאַנג זי איז אַזוי געלאָפן מיט דער מאַמעס שאַל אויף זיך — געדענקט זי נישט. מיטן שאַריען אויף טאָג דערשלאָגט זי זיך צו אַ טייכל צווישן זומפּיקע קוסטן. אַ צעבראָכן בריקל. עמעצער שרייט „סטאַי!״ אַ זעלנער. אַ רויטאַרמייער. זי פאַלט אַנידער. דער זעלנער הייבט איר אויף. פירט זי אַריבער דאָס בריקל. זי איז פון יענער זייט בוג.

אַ כאַטע. אַן עלטערע גויע וואַשט איר אַרום. באַנדאַזשירט אירע צע־בלוטיקטע, געשוואָלענע פיס. אַ שיסל קאַרטאָפל אין די שאַלן. אַ וואַרעמער טרונק. זי קוקט זיך אַרום. דער זעלנער, קאַנטיק, אַ ייִד, שטייט אין דער אָפענער טיר, זאָגט עפּעס דער גויע און גייט אַוועק. די גוטע גויע בייגט זיך אַראָפּ צו איר, גיט איר אַ גלעט איבערן קאָפּ:

— „זאַפּלאַטים אים״.

ו

אין באַלאַכנע, הינטער גאָרקי, האָט זי געטראָפן יצחקן.
אין באַלאַכנע האָט זי סימעלען געבוירן. קראַנק געוואָרן, די קליינע.

ווינטער. אין אַ קאַלדרע, אויף אַ שליטן, האָט מען דאָס נוטה־למותדיקע קינד געפירט אין שפּיטאָל אַריין — העכער צוואַנציק וויאָרסט פון באַלאַכנע. צוריקגעקומען — מיט אַ קאַלט גופל.

סימעלע — אַ בערגעלע שניי.

סימעלע — אַ קבר אין האָרץ.

זינט דעם אומגליק איז איר ליבשאַפט צו יצחקן געכפּלט, ווי געכפּלט ס'איז דער כּוח אין איין האַנט נאָכן פאַרלירן די צווייטע...

יעדער מענטש האָט זיין וועלט. אַ מאַן האָט אין דער וועלט אַ פרוי, אַ קינד. באַשע האָט אַ מאַן: אין אים — איר וועלט, איר קינד, וואָס זי האָט נישט מער. הלמאי זאָל זי לייקענען: נאָך היינט קען זיך איר אויג נישט אָנזעטיקן מיט איר יצחקן, זיין קלוגן עטוואָס פאַרהוילענעם שמייכעלע. זי היט די הנאה פאַר זיך. נאָר פאַר זיך.

יצחקס צו אָפט לאַנג שטיין פאַרן שפּיגל, ס'גלאַטיקע אויסראַזירן זיך, ס'אַרויפּצײַען אויף זיך אַ ניי אויבערהעמד — פאַרטאָפּלט איר ליבשאַפט און אומרו:

— שוין גענוג געסטראַיעט זיך.

— ס'געפעלט דיר נישט ?

— ביסט מיר שוין איין מאָל געפעלן.

דער פּחד, אַז ער קאָן אויך נושא חן זיין ביי אַנדערע פרויען גיט איר ליבשאַפט צו אים צו אַ טעם פון... אַ לעקעכל מיט סם.

העכער צוואַנציק יאָר, אסור צי זי ווייסט — צי וועט זי עס אַמאָל וויסן ווי אַזוי מיט אים זיך אומצוגיין. ס'איז איר גוט מיט אים, ווי גוט ס'איז אַ מענטש וואָס קומט פון אַ קאַלטן דרויסן אין אַ וואַרעמער שטוב אַריין. פון וואַנען די היץ נעמט זיך ווייסט זי נישט. ווייסט נישט פון קיין פאַלשע שטיק, גענאַרענישן, קידער־ווידער־שפּיל. ברוגזן זיך. דאָס גלייכן — פון נישט נאָכקומען זיינע באַגערן — ער איז דאָך איר מאַן... חוץ דעם האָט ער איר איין מאָל געזאָגט, יצחק:

— ברוגז איז — המשך ליבע: דאָס איז די צווייטע זייט פון דער זעלבער מטבע... אַ כּישוף־קרייז פון ליבע און אייפער.

זי קען נישט, זי וויל פון דעם קרייז נישט אַרויס.

זי דאגהט פאר זיין גוטן אויסזען, עסן צו דער צייט. זי היט אים, ווי איינער היט א טייערן פארטרעט אויף דער וואנט: קוים צעברעכט זיך די רעם — פאלט ארויס דער פארטרעט...

אזוי נאענט פון אים —און אזוי ווייט: א גליטשיקער באלעם...

ער וועט נישט אוועק פון איר. ער וועט איר נישט איבערלאזן. צו איידל איז ער און — צו שוואך — האט זי איין מאל געזאגט פערעלען.

— בהמהלע, צו שטארק האט ער זיך ליב... אן עגאיסט און — א פחדן.

פארדריסט איר, באשען: פאר וואס זאל זי אזוי רעדן?

— פאר וואס, בכלל, נעמט זי אים אין מויל אריין?

— פאר וואס נעמט זי זיך אן איר קריוודע?

ס'גייט איר אין לעבן, פערעלען, צו מאכן יצחקן רעדן אויף דער טעמע... זי ווייסט דאך, אז איר יצחק איז א שווייגער. ווי אן עלעקטריש קעבל איז ער: אזוי לאנג ווי מען גיט נישט קיין דריי דאס קנעפל — איז עס קאלט; גיט מען א קוועטש — דערוואַרעמט זיך עס... א, דעמאלט האלט לאנג די היץ...

— כיי וואלט זי זיך ווייניקער געמישט אין איר לעבן, די שווענערין.



א סברא, אז אויך יצחק איז די נאכט נישט געשלאפן.

...פאר וואס האט ער דעמאלט נאכן אומגליק מיטן קינד קיין סוף נישט געמאכט? איגנין, דער נאטשאלניק פון פאפיר–זאוואד, וווּ ער האט געארבעט, האט אים געזאגט:

— אצינד, בראטאק, איז די צייט.

— ווי אזוי וועט זי, באשקע, איבערטראגן ביידע אומגליקן: די פרעמד, אליין.

— ס'אן אפעראציע. אז מ'שניידט רינט בלוט. יא, א מלחמה. דיין פריוואטע מלחמה. די צייט וועט היילן. איר זוועט ביידע געזונט ווערן.

ער האט געשוויגן.

איגנין, געדענקט ער, האט זיך ברייט צעשמייכלט: געקוקט אים גלייך אין די אויגן און — אויך געשוויגן.

ערשט צום אַהיימגיין האָט ער אים צוגערופן צו זיך, אַ קלעפּל אים געטאָן אין פּלייצע:

— כּאַראַשי פּאַרין טי: דו ביסט אַ ווילער בחור, איצקאָ: דוראַק. מאַלאַקאָסאָס.*)

יענעם טאָג איז ער שפּעט אַהיימגעקומען. באַשע איז זינט דעם אומגליק מיטן קינד נישט אַרויס פון שטוב. נישט געאַרבעט. צו זיין אַריינקומען ווערט באַשעס פאַרצערט פּנים אויפגעהייטערט:

— אַזוי שפּעט? כ׳האָב שוין איבערגעקלערט.

— אוי, דער וועג: אַזאַ טיפער שניי.

— נו, גיי כאַפּ עפּעס איבער. ס׳עסן ווערט קאַלט.

— נישט הונגעריק. געווען ביי איגנינען אין קאָנטאָר. אַ זופּ געטאָן פון פלעשל.

— וואָס עפּעס?

— סתם. אַ גוטער גוי, איגנין.

— ביסט דאָך מיד. עס אָפּ און לייג זיך צו אַ ביסל.

זי האָט אָנגעפילט די צוויי שיסעלעך אויפן טיש מיט אַ געדיכטער פליסיקייט — אַ לעמעשקע פון קאַרנמעל און מילך. אַרויסגענומען פון קאַמאָד אַ קליין פּעקעלע פאַרוויקלט אין אַ האַנטעכל. פאַמעלעכקע, ווי מען נעמט אָן אַ צעברעכבאַרע זאַך, אַדער אַ גלאַזשטיקל, האָט זי מיט צוויי פינגער אַרויסגעהויבן אַ פּירקאַנטיק שטיקל שוואַרץ ברויט. אַ רויער, ראַזעווער ריח האָט זיך פון דער קלעפּיקער שוואַרצקייט געטראָגן. באַשע האָט דאָס שטיקל ברויט צוגערוקט נעבעטער צו זיינע אויגן:

— דיין פּאַיאָק. פאַר וואָס ס׳טו נישט געגעסן? — האָט ער געפרעגט.

— געטרונקען ביי דער שכנטע אַ גלאָז טיי. עפּעס צוגעביסן.

ער האָט געוווּסט, אַז ס׳אַ ליגן. זי וויל ער זאָל עסן. „אַ מאַן קוים עסט ער נישט פאַלט ער פון די פיס".

די בדידות האָט ווי אַ טונקעלער פאַרהאַנג זיך אַראָפּגעלאָזט צווישן ביידע. ווי פוילע, שלעפעריקע קעץ האָבן זיך געצויגן די נעכט. די ווייניקע

* מאַלאַקאָסאָס — זויגלינג.

שעהען נאָך דער אַרבעט — זענען געוואָרן צו פיל, צו לאַנג.
גערעכט געווען איגנין.

סוף ניינצן דריי און פערציק. אַ שווערער ווינטער; אַ שטייפער; אַ האַרבער; ווי אין בלויע ליילעכער געוויקלט שפּאַנט דער פראָסט איבער שנייִיקע וועגן, איבער דעכער פון נידעריקע כאַטעס. אין די אינדערפריען און פאַרנאַכטן צינדן זיך פענצטערלעך, ווי וועלפישע אייגעלעך. ביי טאָג זעט די זון אויס, ווי איינגעפרוירן אין שנייִיקן הימל. פון די ווייסע פעלדער גייט אויף אַ ווייטיקלעכער בלענד. ס׳טרעפט: דער שניי שיט מעת–לעתן; די פערד שטעלן שווער די פיס אין הויכן שניי; ביז אונטער די בייכער גרייכט ער. פון האַרבער קעלט — ניסן די פערד און פאַרסקען מיט די נאָזדרעס.

אין די שליטנס זעט מען נישט קיין מענטשלעכע צורה. באַקאַזשוכטע פלייצעס, געהאַרבעטע. קוטשמעס — פוטערנע היטלען מיט אויערן–קלאַפּעס.
קנאַפּע צוואַנציק וויאָרסט פון פאַסיאַלאַק צו דעם פּאַפּיר–זאַוואָד.
שווערע אַרבעט. מאַגערע מאַלצייטן. דאָס דינע שמאַלץ–הייטל אויף די שוואַרצע פּענעצלעך ברויט, וואָס ר׳האָט מיטגענומען צו דער אַרבעט — האַלט נישט אויס דעם דרוק פון פראָסט. מען האָט געוויקלט דאָס שטייניק–האַרטע ברויט אין קיפּיאַטאָק, וואָס איז אין פאַבריק געווען אָן אָטשערעד, אָדער געהאַלטן דאָס ברויט איבערן פייער — כדי צו קענען עס נעמען אין מויל אַריין.



פרילינג ניינצן פיר און פערציק. גוטע פראָנט–נייעס. מען שלאָגט דעם דייטש. פאַרלוירענע, פאַרפרוירענע אין גרויסן, גרויען לאַנד — פאַרלאָזן זיי שטעט, באַפעלקערטע פונקטן. מען פאַרלאָזט די אָקופּירטע געביטן. די רויטע אַרמיי גייט פאָרויס. די האָפענונג — אַ שוועבנדיקע שוואַלב איבער אַ צעפרילינגט פעלד. די „שוואַלב" שלעפּט נאָך זיך אַ שאָטן — דער פּחד פאַרן לעבן, פאַרן מאָרגן.

פאַרטאָג: אַ מאָן שטייט אויפן זאַמד ביים ברעג–ים; גראָער קאָפּ; דער קאָרק אַ געקנייטשטער, ווי קראָקאָדיל–לעדער; מיטן פּנים צו זונ־

אויפגאַנג, שטייט ער. אַן אַלטער מאַן אין קורצע, ברייטע באָד־הייזלעך. ער מאַכט גימנאַסטיק: פאַרהייבט די הענט אין דער הייך; אין דער ברייט; בייגט זיך; נייגט זיך; גלייכט זיך אויס. אָט לייגט ער צונויף די הענט, ווי צו אַ תפילה — אַ תפילה צום לעבן, צום גאָט פון יונגשאַפט — אוודאי אַ פופציק יאָר הינטער אים. אויך דער ים זעט אויס, ווי אַן אָפענער תפילה־סידור. אַ נישט־אויסגעדאַווענט געבעט גייט אויף הערבּיש־שיין, מיט שטילן רויש צום רויטן זונאויפגאַנג: צום הימל דעם מעכטיקן, פאַרנעמיקן — אַ רחבותדיק געזאַנג צו כבוד אלוהים.

דאָס ערשטע מאָל איז יצחק אין אַזאַ פריִער שעה ביים ים. נאָך אַ לאַנגער, שווערער וואָך־נאַכט: זכרונות; איבערלעבונגען — פילט ער זיך אין דער־אָ שעה יונגער, געזונטער. עטלעכע מעטער פון ברעג־ים דערזעט ער פערלען.

— וואָס איז געשען? — פרעגט ער.

— נישט געקענט שלאָפן.

— פאַר וואָס האָב איך דיך נישט געהערט אַרויסגיין פון שטוב?

— כ'האָב עס געמאַכט שטיל. נישט געוואָלט קיינעם אויפוועקן.

— מיינסטו, אַז מיר זענען געשלאָפן?

ז

מעכל איז אַוועק אין צ־כניה. באַשע, ווי דער שטייגער — אין קיך. די לעצטע צוויי טעג אויף זומער־וווינונג. מען דאַרף זיך פּאַקן אין וועג אַריין. מ'דאַרף אויך אין אָרדענונג ברענגען די שטובן צום אַהיימפאָרן. באַשע איז אַ בריה צו די זאַכן. יעדער איינער וועט אויך צולייגן אַ האַנט. דערווייל איז זי אַליין, אַקעגן אָפענעם פענצטער זיצט זי, טרינקט אַ קאַפע. אַ פייף און אַ גערויש פון אַ פאַרבייפאָרנדיקער באַן האָט אויפגעריסן די שטילקייט פון דאָרף. איטלעכן טאָג, אין דער שעה, פאָרט פאַרביי די באַן פון תל־אביב אויף חיפה דורך זכרון יעקב. היינט, ווייל זי איז ווייניקער פאַרנומען, האָט דער לאַנגער פייף פון דער באַן איר אין עפּעס דערמאָנט: וואָקזאַל.

אַ מעשה מיט אַ סך, אַ סך יאָרן צוריק, וואָס איר טאַטע האָט געהערט

דערציילן ייִנגלוויז.

אַ רייכן פעטער האָבן זיי געהאַט אין סוואַלק, אַ שטעטעלע אויפן בוג, אַ שפּיליטער, דער פעטער, און געוווינט האָט ער לעם וואָקזאַל — אַ שיינער בנין מיט רויטע ציגעלעך.

אַז די באַן האָט צום ערשטן מאָל באַדאָרפט פאַרבייפאָרן האָט מען צעהאַנגען קוויטלעך אין שטאָט: „אַלע ייִדן פון סוואַלק און פון דער אַרו־מיקער געגנט קאָנען פאָרן אומזיסט ביז וואַרשע".

איז געוואָרן אַ לויפעניש צום וואָקזאַל. אין עטלעכע שעה זענען אַלע וואַגאָנעס איבערפולט געוואָרן: מענער; ווייבער; אפילו קליינע קינדער האָט מען מיטגענומען. אָנגעקומען בשלום מיט דער באַן קיין וואַרשע, אויף צוריק — האָט דער נאַטשאַלניק געמאָלדן:

„יעדער איינער דאַרף אויסקויפן אַ בילעט".

איז געוואָרן אַ סומאַטאָכע, אַ בהלה. קיינער האָט ביי זיך קיין פרוטה נישט געהאַט. סטייטש? — האָט מען זיך געוואָנדן מיט טרערן אין די אויגן צום נאַטשאַלניק. „איך האָב געזאָגט ביז וואַרשע" — האָט יענער מיט אַ שמייכעלע געענטפערט. דעם סוף פון דער מעשה געדענקט זי נישט. זי געדענקט יאָ, וואָס איר עלטערע שוועסטער, חיה, עליה השלום, האָט דער־ציילט וועגן רייכן פעטער, דעם שפּיליטער.

אויפן וועג קיין וואַרשע פלעגט ער זיך אָפּשטעלן ביי זיי אין שטוב. אַמאָל אויך איבערנעכטיקן אַ נאַכט.

חיה האָט ליב געהאַט זיך אויסצופרעגן:

— וואָס עסט מען ביי אייך, פעטער, אויף אָנבייסן?

— אַ מאַקאַראָנדל. אַביסעלע איינגעמאַכטס.

— און מיטאָג?

— אַ שטיקל הון. אַ ביסעלע יויך. מען פאַרבייסט מיט אַ מאַקאַראָנדל.

— און וועטשערע?

—ווייניק. מען טרינקט אַ גלאָז מילך מיט אַ מאַקאַראָנדל.

— אויף אַלע דריי מאָלצייטן מאַקאַראָנדלעך? — האָט זי זיך געוווּנ־דערט: פאַרשטייט זי שוין פאַר וואָס מען רופט אים „דער רייכער פעטער".



אויף אַ הויך בערגל, ווייטער פון ברעג, איז פּערל געלעגן. יצחק איז געזעסן לעבן איר, מיטן פּנים צום זונאויפגאַנג איז ער געזעסן. ער האָט געקוקט אויפן מאַן, וואָס מאַכט גימנאַסטיק. שלאָגט זיך מיט דער זקנה — האָט ער צו זיך געזאָגט. ברייט און טיף אָטעמט פּערל די מאָרגנלופט, דעם ריח און שטילן גערויש פון ים.

אַזוי—אָ, וואָלט זי געשווירן, איז זי געלעגן אויף דער „ווילדער פּליאַזשע" אין וואַרשע. יצחק איז געזעסן לעבן איר, געשוויגן, ווי אַצינד. אַזוי שווייגנ־דיקערהייט זיך צוגעבויגן צו איר. מיט זיינע ליפּן לייכט באַרירט איר אויער—לעפּל. אַ זיסער שוידער איז אַריבער איר לייב בשעת זיינע שוועריע הענט האָבן באַרירט איר נאַקן. אָ, ווי זי האָט אים דעמאָלט באַגערט. פאַר־וואָס האָט זי נישט טועם געווען פון דער פרוכט ? — זי האָט פריִער געוואָלט אַנטרינקען אירע חושים מיטן געזונטן ריח פון זיינע יונגע הענט, פון זיין שיינעם גוף.

האָט זי דערפאַר געצויגן דאָס סטרונעלע פון גלוסטונג, ווי עס האָט זיך דעמאָלט געזונגען :

„...און האָט עס געצויגן

אַלץ העכער און העכער :

דערפאַר איז דאָס סטרונעלע געפּענקעט,

דערפאַר איז דאָס סטרונעלע געפּענקעט..."

ניין. זי האָט פריִער געוואָלט באַזאָרגן „די מענטשהייט" מיט ליבע, מיט ברויט, מיט פרייהייט. און דערפאַר האָט זיך דאָס סטרונעלע צעריסן... אַריין אין תּפיסה... אַריין אויף מאַלאַלעטנע וויראַק.* אַרויס אויף דער פרייַ איז שוין יצחק ווייט פון איר — אַ צווייטער, אַ זאַאַטשנער וויראַק.**

— אַ דרימל געכאַפּט ?

— ניין, יצחק. אַ חלום.

— אַ חלום אויף דער וואָר ?

* מאַלאַלעטנע וויראַק — קורצן אורטייל.

** אַן אורטייל אונטער די אויגן.

— אפשר איז גאָר די וואָר — אַ חלום ?

יצחק האָט זיך ערגעץ פאַרקוקט.

ווייט פון ברעג האָט אַ שפּאַציר–שיפל געשניטן דאָס בלויע וואַסער. אוודאי טוריסטן — האָט ער צו זיך געזאָגט. זיין געדאַנקען–בליק האָט פון טוריסטן–שיפל אַ שווים געטאָן אויפן... סטאַטיק. וואַרשע. ווייסל. ער, פייגעלע און נאָך בחורים און מיידלעך, אויף אַ זונטיק–שפּאַציר. גרינע בענקשאַפט פוןביידע זייטן ברעג. פון דער רעזידענץ צו קלענערע ישובים, שטעטלעך, לענג־אויס דער ווייסל — פירט דער סטאַטיק. יונגע פּאָרלעך. יונגע חלומות. פריילעכע רייד. געלעכטערס. לידער. שטילער געפּליסטער פון קילע וואַסערן. פאַרליבטע פינגער אין פינגער — איינגעפלאָכטן, פאַר־פלאָנטערט, ווי די צווייגן פון די אַלטע פוילישעביימער פון ביידע זייטן ווייסל.

האַנט אין האַנט זענען ביידע געזעסן.

הינטערן בערגל, ווייטער פון זיי, האָט זיך אַ שאַט געטאָן חברה צום ים: בחורים אין קאָלירִיקע מיני–הייזעלעך; מיידלעך — אין ביקיני; יונגע פנימער; הויכע, שלאַנקע, שטאַלטנע יִינגלעך און מיידלעך: אַ פעלד פון בלומען האָט עס פון דער ווייטנס אויסגעזען.

דאָס ים–ווינטל באַוועגט די שטאַלצע, שיינע קעפּלעך.

— האַ, סאַראַ יוגנט — האָט יצחק אַ זאָג געטאָן.

— מיר האָבן, דאַכט זיך, קיין מאָל קיין יוגנט נישט געהאַט.

מיר קומט אויס — האָט פערל נאָך אַ ווײַלע צוגעגעבן — מיר קומט אויס, אַז דאָס זאַמד–בערגל איז אַ גיליאָטינע.

— אַ וואָס ?

— אַ גיליאָטינע. מיין קאָפּ וועט באַלד פאַלן אין קויש אַריין... העכער, העכער הייבט זיך דאָס בערגל. אונטן גייט אויף אַ וועלט: אַ יונגע וועלט לאָז איך הינטער זיך...

— מיך, פאַרקערט, באַפאַלט אַ פחד: נאָך אַ מאָל יונג זיין — מיינט נאָך אַ מאָל באַגיין די זעלבע טעותים...

## ח

אַרום קליינעם קיך־טיש זיצט מען. דער לעצטער טאָג אויף זומער־וווינונג. מען טרינקט טיי, קאַפע. מ׳בייסט עפעס צו. אַן אומאָרדענונג אין די שטובן. מען פּאַקט זיך אין וועג אַריין. שיריים אויפן טיש. די כּלים נישט געוואַשן. עטלעכע פליגן, דאַרפישע, גרויסע, האָבן זיך פון ערגעצווו אַנגעטראָגן. זשומען. קרייזלען אַרום טיש. מיט געררויש פון קליינע אַווי־ראַנדלעך לאָזן זיי זיך אַראָפּ איבער די קעפּ, פּנימער. זעצן זיך אויף די שיריים. באַשע פּרווט זיי פאַריאָגן מיט אַ האַנטעך. עס העלפט נישט. זי איז אַריין אין קיך און אַרויס פון דאָרטן מיט אַ פליט־מאַשינקע. יצחק האָט זיך צוגעקוקט צו באַשעס מלחמה מיט די פליגן. עטלעכע זענען אַראָפּ־געפאַלן. ליגן געבליבן. איין פליג פויזעט אויפן טיש, פויזעט, שטעלט זיך אויף, הינקט אונטער, שלעפּט זיך, פאַלט און הייבט זיך אויף. פּרווט גיין אויף די פאַדערשטע, אונטערגעבראָכענע פיסלעך. מיט איין זייטיק פיסל רייבט זי דעם פייכטן פליט־שטויב פון בייכל, פון שפּילקע־קעפּעלע, פון די נאַסע פליגעלעך, צוגעקלעפּטע צום מיזערנעם גופל: רייבט, מאַסאַזשירט דאָס שטאַרבנדיקע בלוט און טרייסלט מיטן קעפּעלע פון האַרבן פאַרדראָס.

אויף דער באַלעבאָס פון דער הייזקע האָט זיך אַ יאַווע געטאָן. אַ מין קומזיץ פאַרן אָוועקפאָרן. די באַלעבאָסטע דערלאַנגט לייכטן כּיבוד. קאַלטע גלידה פון פריזער אַרויס. טערקישע קאַפע. פּירות.



לעצטער טאָג אויף זומער־וווינונג. צום ים איז מען נישט געגאַנגען. אַ חאַמסין היינט. אַ דומפּיקייט. דער הימל — קופּער־געלב, בלייִיק. קיין זון זעט מען נישט. מען פילט ס׳פייער, ווי פון אַן אונטערגעהייצטן אויוון. אויף דאָס ים־ווינטל איז וואַרעם. דער פייגנבוים קעגן פענצטער טוט קיין ריר נישט מיט אַ צווייג, אַ בלעטל. גליווערט, ווי אויף אַ גאָבעלין.

אַ מאַטע שיין פאַלט אויף אַלעמען. בולטער זענען אַצינד די טיפע, לאַנגע קנייטשן אויף יצחקס פּנים. אַרום מעכלס אויגן — שאָטנרעדער. באַשעס און פּערלס קעפּ זענען אין האַנטעכער געוויקלט. נאָר וואָס אַרויס

פון באַד־צימער. אַן פּודער, שמינקע — איז די פּנים־הויט, אי מאַט, אי צעפּאַרעט און מסרט — די עלטער. פּערל קוקט אַריין אין וואַנט־שפּיגל קעגן איר. אַ מיד־אויסגעוואַשן פּנים רעדט צו איר אַרויס אויף שטום־לשון:

„גיכער ווי דו, וווייבעלע, יאָגסט זיך נאָך דער פאַרלוירענער צייט — יאָגט די צייט זיך נאָך דיר...״

אַ פליג האָט מיט געזשום זיך אַ ריס־געטאָן צום פענצטער, אָנגעקלאַפּט זיך אין שויב, אַראָפּגעפאַלן, נאָך אַמאָל אַ הויב געטאָן, ווידער זיך אָנגע־שטויסן, צוריקגעפאַלן.

איז ער נישט געגליכן צו דער פליג — איז יצחקן דורכגעלאָפן אַ געדאַנק — רייסט זיך צו דער זון, צום יונגן טאָג, דורך דער שויב פון... זכרון.

אַלע זיצן אַרום טיש. געבויגענע רוקנס. אַקסלען — שווערע, אַראָפּ־געלאָזטע, ווי אַ מאַסע וואָלט אויף זיי געדריקט — ס׳איז דער דרוק פון יאָרן. אַזוי פרעסן יאָר־טויזנטער די ערדשיכטן איינע די אַנדערע און פאַרוואַנדלען בליִענדיקע וועלדער — אין שוואַרצן קויל...

אויסגערוטע פּנימער און אין די אויגן — אומרו:

שריפות פון פאַרברענטע פרילינגען; ניין, ס׳אַ זשאַר פון אַ נישט־אויסגעברענט פייער...

אַ שטילקייט איז אַריינגעטראָטן, פאַרנאַכטיקע שטילקייט ביי אַן אָפן פענצטער קעגן אַן אונטערגייענדיקער זון, וואָס לאָזט פאַלן אַ קלאָרע, דורכזיכטיקע ליכט.

דער חאַמסין האָט געבראָכן. דער הימל — לייטערט זיך. דאָס ים־ווינטל — לייכט און קיל. קוקסט אַרויס דורכן פענצטער. דער געדאַנקען־האָריזאָנט ווערט ברייטער, טיפער. עס ווילט זיך אין די־אַ מינוטן גלויבן, אַז ביסט מסוגל מגלה זיין דעם סוד און יסוד פון זאַכן, געשעענישן: דעם מהות פון אייגענעם קיום.

אַקעגן פענצטער — אַ רויטער האָריזאָנט. רויטע, וויאָלעט־בלויע וואָלקנדלעך, שימערע, שווימען. אָט צעפליסן זיי זיך. באַהעפטן זיך. טוישן זייערע צורות — אַ קעמל, אַ קאַראַוואַן קעפּ. הוידענדיקע רוקנס. יצחקס פּנים — אין אָפענעם פענצטער.

ער איז איינער פון די הוידענדיקע קעפּ אויפן רוקן פון אַ קעמל. ער רייט און הינטער אים — דער קאַראַוואַן פון זיינע טעג, יאָרן איבערן מידבר פון זיין לעבן...



דער טאָג זעצט זיך. מעכל הייבט זיך אויף פון טיש. באַשע נעמט אַראָפּ טעלער, גאָפּל־מעסער, די גלעזער. פּערל גייט טוישן די גאַרדעראָבע, יצחק גייט אַוועק פון פענצטער. פאַר וואָס קומט אָן אַזוי שווער ס׳אויפהייבן זיך ? ווער האָט אַריינגעגאָסן ס׳בליי פון הייסן סוף־טאָג אין זייערע אברים ? די שווערקייט לייגט זיך אויפן געמיט, ווי קאַלך אויפן דנאָ פון אַ טשייניק. איז דאָס דער „קאַלך" פון צופיל און צו אָפּט קאָכן ?

צוויי וואָכן זומער־וווינונג איז צו ווייניק אויף אַרויסשלאָגן אַ לאַנג־אָטעמדיקע הנאה. צו לאַנג, אויף זכרונות, בענקענישן...

פון דעסטוועגן : דאָס צוזאַמענזיין פוןביידע ברידער און שוועגערינס, דאָס צוזאַמענדיקע און באַזונדערע בלעטערן דאָס בוך פון אָפּגעלאָפענע יאָרן — איז ווערט די הוצאה פון הײ־יאָריקער זומער־וווינונג.

# אַ חתונה

א

— איי איז דאָס געווען אַ חתונה.

— ווער מיר גיטס גינט.

— אַ שאַנקייט פון אַ חתן.

— און יוספן, דעם מחותן, האָט איר געזען?

— נעבעך.

אַלע האָבן געוווּסט, וואָס אין דעם „נעבעך" שטעקט: אַ הויקער, אַ בעל־מום, כאָטש מ'האָט קיין מאָל אויף די ליפּן די ווערטער נישט אַרויס־געבּרענגט. פּאַרקערט: אין שיכון האָט מען אים גערופן — „דער פילאָסאָף", אַזוי ביז היינט צו טאָג. דער שיכון האָט שוין גאַסן מיט נעמען, נומערן אויף די הייזער, כּבישים, טראָטואַרן, פוןביידע זייטן וועג — ביימלעך. היינט זענען עס ביימער — ברייט און הויך צעוואַקסן אויפן שטייגער פון פּוילישע סאָסנעס.

איטלעכס יאָר, פרילינג–צייט, זעגט מען אַרום זייער געצוויגן, די קרוינ־שפּיצן, וואָס גרייכן צו דער געדיכטער דראָטננעץ לענג־אויס די שיכון–געסלעך.

ווען די ביימער זענען קליין געווען, האָט זיי יוסף אַרומגעשניטן מיט אַ האַנטזעגל. ער איז דער איינציקער גנן אין דער געגנט.

אַז מען הערט יוספן רעדן — פאַרגעסט מען אים זיין מום. ער האָט אַ באַסאָווע שטים. די בלויע, שיינע, אויגן זיינע — שמייכלען. דער אויס־געווינקלטער, הויכער שטערן ווערט ליכטיקער. ווייכער, קלינגעוודיקער ווערט זיין שטים אויף עמעצנס אַ רוף:

— אדון יוסף.

— פּאַניע יוסף.

— ידידי יוסף.

יוסף אַן אַ צולאָג — גייט נישט.

ווייסט ער, יוסף, ס׳איז פון איינזען, פון סימפּאַטיע צו אים. גיט עס אים חשיבות אין די אייגענע אויגן. אַ פאַרגיטיקונג. ווערליך שפּינאָזאַ, איז נישטאָ קיין צופאַל אין דער נאַטור. סיבה. סיבהדיקייט. די נאַטור „נעמט" און — „גיט" צוריק.

אויך ביילע, זיין ווייב, וואָס האָט זיך דערוויילע פאַרהיימישט מיט די שכנים, האָט געזען אין דעם אַ פאַרגיטיקונג: דערקענט זיך אויף איר יוספן. זי איז כמעט זיכער געווען דערין:

— ער וועט נושא־חן זיין ביי מענטשן.

ער האָט אויך אַ גוט האַרץ, יוסף. און זיינע הענט? — ווי זעט מען אַ יידישן גגן? ווער האָט אין דער אַלטער היים געהאַט אַ גאָרטן, געוווּסט, וואָס אַ ביימל איז, אַ בלום, אַ לעבעדיקער גדר?

הייף מיט שמיעטניקעס און קופּעס מיסט. ווילדע קראָפּעווע. שיסלען און שעפער פּאָמיִעס האָט מען געגאָסן פון די פענצטער און טירן. אין די רייכע הייזער, האָט מען אַ מאָל געזען אַ וואַזאָנע, אַ בלומענטאָפּ.

ווער האָט געווינט אין אַן אייגענער דירה. אַ דאַך איבערן קאָפּ — און שוין.

מען האָט געווינט אויף שכירות. געוואַרט אויף בעסערע צייטן. אויף משיחן האָט מען געוואַרט.

הקיצור: מען דאַרף צו יוספן. אַ בלום סקאַמליעט. אַ ביימל ווערט, נישט צו גלייכן צו אַ מענטש — קראַנק. אַ וואָרעם כאַפּט זיך אַריין אין אַ פּרי אויפן בוים — מען דאַרף צו יוספן, ווי צו אַ דאָקטאָר.

קומט ער צו גיין. כאַפּט אַ קוק. גיט אַן עצה. יוסף זאָגט אויך נישט אַפּ קוים קומט עמעצער באָרגן די גרויסע שער, אַ שניידצוועגל, אַ רידל, אַ גראַבליע. ברענגט מען נישט צוריק צו דער צייט — בייזערט ער זיך נישט. ער גייט צום בעל־הבר. בעט אים איבער. ער באַדאַרף די שער, ס׳צווענגל. ס׳איז זיין רעכטע האַנט.

איז מען דאָ ביי אַ מענטש אין שטוב — רעדט מען אַ וואָרט. יוסף איז בטבע נישט קיין ריידער, כאָטש ער ווייסט, אַז זיין גבורה אין אין כוח־הדיבור. אויף זיין דער ערשטער, אָנהייבן — פעלט אים כוח. ער

איז צו שעמעוודיק. קיינער האָט אים דאָך נישט געבעטן קומען. אַז יענער וואַרפט אַריין אַ וואָרט — בלייבט ער נישט הינטערשטעליק. שמעקט יענער מיט תורה — איז ער אויך אַ בקי אין אַ בלאַט גמרא, אין די מפורשים. ווייסט אַריינצוּוואַרפן אַ פּסוק פון תנ"ך, פון מדרש. היינט — נעמען פון גע־לערנטע? עס דערוועקט זיך אין אים דער אמתער פילאָסאָף.

יינגלווייז, אין חדר, האָט ער ליב געהאַט פרעגן דעם רבין קלאָץ־קשיות:

— וואָס מיינט „נעשה אדם בצלמנו"?

— ווו קומט אַהין די נשמה נאָכן טויט?

— נאָך תחית־המתים וועט טאַקע איין חדר־יינגל נאָכיאָגן צען גויים?

יאָרן שפּעטער — אַ דערוואַקסענער בחור — האָט ער זיך געגריבלט אין דער „תורה פון די מידות" פון אַמסטערדאַמער גאון. אַליין אין חרם, אין אָרעמקייט: לעבט פון גלעזער שלייפן — האָט ער זיך געטראַכט — עפּנט ער אַ טירל פאַרן מענטש צום „אייביקן, גליקלעכן לעבן" דורך גלויבן אין דער „שכלדיקער ליבשאַפט צו גאָט".

הכלל: יוסף דער גאַנצער שיכּון איז מיט יוספן. ממש אַ פילאָסאָף. אלא מאי? שימעלע, דער זון.

אַז שימעלע, דער בן־יחיד, איז אַלט געוואָרן צוויי און צוואַנציק יאָר — האָט ער אויסגעקליבן איינע פון אַ סך מיידלעך, וואָס האָבן אים פרי גענומען דערגיין די יאָרן צוליב זיין שיינקייט: אין בית־הספר, אין גאַס, אין שטוב אַריין געפּיפן — נישט געלאָזט אים מאַכן די שיעורים. געקומען מיט דעם מיידל אין שטוב אַריין און געזאָגט:

— זהוזה. דאָס איז עס.

מער האָט ער נישט גערעדט. אַ גרויסער שווייגער, שימעלע. דרייט זיך אום אין שטוב, ווי אַ געקומענער פון ערגעץ. אַ גאַסט. ווייסט נישט, וואָס צו טאָן מיט זיך, מיט זיין שיינקייט, מיט דער מאָסע יונגשאַפט. — עס ציט אים צום „שוואַכן מין" און ער איז בייז אויף זיי. וואָס פעלט אים, וואָס קוועלט אים, וואָס איז אים מהנה — אסור צי ער ווייסט.

מער פון אַלץ איז ער פאַרליבט — אין זיך אַליין. מיינט, אַז טאַטע־מאַמע זענען געבוירן געוואָרן אים צו באַדינען. זאָרגן פאַר אים.

אין מיליטער איז ער יאָ געווען און נישט געווען. עטלעכע מאָל האָט מען אים גערופן. געגאַנגען און צוריקגעקומען, באשר בכן — האָבן שכנישע צינגער געפּלאַפּלט — אַ צעפּיעשטשעטער, אַ נעבעך אויפן יינגל. מ׳איז דאָך נישט אין דער אַלטער היים. אַ ייִד האָט געדינט, ווייל מ׳האָט אים... געמסרט — פּלעגט מען דערציילן. דאָ איז מען דאָך ביי זיך אין לאַנד.

שימעלע זאָל זיך האָבן באַרימט פאַר חברים:

— אויף דער דאָקטוירים–קאָמיסיע האָט מען אים געפרעגט: שטייסט אויף דער וואָך און מען באַפּאַלט דיך, וואָס טוסטו?

— איכ׳ל אוועקוואַרפן די ביקס און אַנטלויפן.

האָט עס טאַטע–מאַמע געקרענקט. סיי די רייד, שימעלעס, סיי די בייזע צינגער. מאַלע, וואָס אַ יינגל רעדט, באַרימט זיך פאַר חברים?

אַ שטום אַפּענטפערן איז דאָס געווען. אין שטוב, צווישן זיך גערעדט — האָט מען געוווסט דעם אמת. ער פירט זיך נישט אויף ווי ס׳באַדאַרף צו זיין. ברוגזט זיך ביי יעדע קלייניקייט. ער אַליין ליידט דערפון. ווייסט — ס׳אַ שוואַכקייט. מודה זיין זיך אין דער שוואַכקייט — איז ער צו שטאַרק ביי זיך.

די זאָרג פון יוספן און ביילען איבערן גורל פון איינציקן זון, פילט זיי אָן מיט רחמים, מיט רוגזה און מיט פחד.

פאַר דער גאַס האָט מען געהאַלטן פאַסאָן: אַ קניפּ אין באַק אַז די פאַרב זאָל שטיין. אָבער יוספס גאַנג, זיין פּנים — האָט געמסרט.

געוויינטלעך, גייט אַזאַ שטייגער אַרויסגעהויבן די אַקסלען פון דער האַרבאַטער פּלייצע. דעם קאָפּ — פאַרריסן, עלעהיי — אַ גלייכער. אַזוי איז ער געגאַנגען, יוסף. דער שיכּון האָט אָבער געוווּסט, אַז אָט דער פאַר־ריסענער קאָפּ ליגט ניין איילן אין דער אדמה.

יוסף איז אַ מבין אויף די בליקן. דרינגט ער, ווי זיין שטייגער:

— ווי באַלד דער מענטש איז אַ טייל פון דער נאַטור, וואָס האָט איר לאָגיק איז ער אַן עסטעטישער פּגם. זיין שימעלע — אַ קאַפּריז פון דער לאָגיק.

ב

אַ געדיכטער, צעצווייגטער שאָטנבוים שטייט אין גערטנדל אַרומגע־ גומען מיט האָלץ־שטאַכעטן. צוויי פענצטער פון אַנדערהאַלבן־צימערדיקן דירהלע — אין גערטנדל אַריין. דעם בוים האָט ער אַליין געפלאַנצט. שימעלע איז דעמאָלט אַ קליין יינגל געווען. היינט זענען ביידע גרויס: דער בוים און דער זון. גאַנצע טעג איז יוסף פאַרנומען ביי פרעמדע גערטנער. ער ציט חיונה פון דער אַרבעט. ער האָט זי ליב. יוסף איז קאַפּאַבל זיך צו אַנטציקן פון אַ שיינעם בוים, ווי פון אַ שיינעם מענטש. די מראה פון אַ קליינגעוויקסיק, קרוםביימל האָט אויף אים מיט אַ מאָל אַנגעיאָגט אַן אומעטיק געפיל. מיט באַדויער האָט ער געזאָגט צו זיך:

— ס׳לעבט, וואַקסט צוגלייך מיט אַלע, אָבער קרום. „אדם — עץ השדה״. ווערליק איז איז דעם בוים אי בעסער, אי ערגער: בעסער — וואָס ער טראַכט נישט ווי אַ בן־אדם. ערגער — ווייל ער קען נישט וויינען.

נישט איין מאָל בעתן אַרומשניידן אַ לעבעדיקן גדר, אָפּהאַקן קראַנקע צווייגלעך פון אַ ביימל, אויסגלייכן אַ יונגן, קרומען שטאַם צובינדנדיק אים צו אַ האָלץ־פּלאָקן — דאַכט זיך אים, אַז ער הערט זייער געוויין, זייער געבעט:

— נעם צו ס׳שניידצווענגל, די שער. לאָז מיך וואַקסן.

שימעלע שווייגט. שטומט ער נישט אויס די־אַ טענה: זייער געוויין?

— לאָז מיך אָפּ. זאָרג וויינציקער פאַר מיר.

ווי קען ער דאָס? ער איז דאָך אַ טאַטע. און ער זעט, אַז דאָס „ביימל״, וואַקסט קרום. — זיין ביימל. זיין גאָרטן.

ביי נאַכט, נאָך אַ מידן טאָג אַרבעט, איז אים אָפּט שווער איינצושלאָפן. ער זעט, ער שפּירט, וואָס ס׳טוט זיך ביי אים, אין זיין גאָרטן, שימעלע.

אין שלאָף הערט ער נישט איין מאָל שימעלעס אַריינקומען. ס׳אַראָפּ־ שאָקלען די שיך, דעם שאָרך פון די דזשינס־הויזן, וואָס ער וואַרפט פון זיך אַראָפּ. שטיל מאַכט ער עס. קיינער זאָל נישט הערן.

אין וואַכנעכט זעט ער דורכן פענצטער שימעלעס הויכן, יינגלערישן סילועט שאַרן זיך מיטן גאָרטן־סטעזשקעלע אי שטוב אַריין.

נאַכט. אַרומגענומען מיט אַ טונקל שווייגעניש איז דער שאָטנבוים און זיין זון. ביידע זענען פאַר אים אַצינד — מיסטעריע.

אַזוי נאָענט פון אים און — אַזוי ווייט. גיי ווייס, אַז יאָרן זענען אויך שטח. כיי, וואָלט ער נישט געוווסט, שימעלע, ווי ליב ער האָט אים, ווי נייטיק ער איז אים, זיין טאַטן, וואָס האָט אים ליב געהאַט איידער זיין געבוירן — וואָלט ער נישט אַזוי פוגע געווען אין אים, אין זיין מאַמען.

תמיד איז מען דווקא פוגע אין דעם, וואָס מ׳האָט ליב.

און פון וואַנען זיין בייזקייט ? ס׳צאַרענען אויף זיך ? — אָפּטע אויס־ברוכן פון כעס און — גוטסקייט ?

— אמאלע, אבאלע, פאַר וואָס זענט איר אַזוי טרויעריק ?

ס׳וואָלט גאַר אַ גלייכע זאַך געווען — האָט ביילע געטענהט צו יוספן — אַריבערגיין מיטן יינגל צו אַ פּסיכאָלאָג.

ווען ס׳וואָלט זיך נאָר געווענדט אין אים — האָט יוסף געענטפערט. ביידע האָבן געוווסט, אַז שימעלע וועט זיך עקשענען. אָנשטעלן זיינע גרויסע, טרויעריק־תמימותדיקע אויגן און — שווייגן. אָדער ער וועט אַרויפציִען אויפן שיינעם פּנים אַ שמייכעלע :

— מה פּתאום ?

ביילע.

ניט איין מאָל איז זי ביי נאַכט אַראָפּ אַ באָרוועסע פון בעט, איז צו צו שימעלעס געלעגער, געטאַפּט דאָס קישן, די קאָלדרע ; מיט בלינדע, טאַפּנ־דיקע הענט, איז זי צוריק אַרויף אויף איר געלעגער.

— ער איז נאָך נישטאָ, יוסף.

— איכ׳ל רעדן מיט אים.

— זאָל ער נאָר קומען.

אָפּט איז שימעלע געקומען פאַר טאָג, ווען יוסף האָט זיך געגרייט אַוועקגיין. רויטע ליאַמעווקעס האָבן זיך געמערקט אַרום זיינע נישט־אויס־געשלאָפענע אויגן. זיין בליק — אַ מבולבלער, אַ פאַרשעמטער. ספק האָט פון אים אַרויסגעקוקט. ספק — די מאַמע פון שקר.



אַז צרות נעכטיקן איבער, ווערן זיי קלענער. יוסף האָט זיך צוגעווינט צו די צרות, ווי צום מום זײַנעם.

און ביילע ?

אוודאי האָט זי נישט געקענט משלים זיין מיטן זונס געגנג. פון אירע אויגן זענען אָבער נישט אָפּגעשראָטן די טעמנע טעג און נעכט — ס'אַנט־לויפן אין דער וויסטער מלחמה. אין נײַנטן חודש געווען מיט שימעלען. אויף אַ פורל שטרוי, אין וואַלד האָט זי אים געבוירן.

טויזנטער גייערס אין אַנגסטיקן פלאַנטער. פאַרוווּנדעטע. טויטע. גע־דיכטע רויכן באַדעקן דעם הימל. שימעלע — אַ זויגלינג. די מילך אין די בריסטן גליווערט. אַ דאָפּלטער ווייטיק: עס שפּאַרט אונטערן האַרץ פון דער פאַרגליווערטער מילך אין די פולע בריסטן און — אַ פאַרהונגערט ניאַנטשען פון אַן אייַנטאָגיק עופעלע.

דולע שאָסן. אויפרייסן. אַ וואַלד ברענט. ס'פייער באַלייכט דעם פינ־צטערן וועג. הינטער די אַנטלויפנדיקע — צוזאַמען מיט דער אָפּטרעטנ־דיקער רויטער אַרמיי — צעקלאַפּטע טראָפּייען. פאַרברענטע דערפער, הייזער. סמאַליענדיקע ברויט־פעלדער. אַ היץ פון צעפלאַקערטע ביימער. אַ היץ אינעם שאַרבן.

— אַ טראָפּעלע מילך ווו נעמט מען ?

אַ ביסעלע מילך ס'חיות פון קינד צו דערכאַפּן אָדער — אַ קויל. אַ סוף זאָל עס נעמען. נישט פאַרן טויט האָבן זיי מורא געהאַט, ביילע און יוסף. זיי האָבן מורא געהאַט טאָמער בלייבט נאָך זיי דאָס קינד לעבן.

נאָך דעם — סיביר. פרעסט. שנייען. שווערע וואַלד־אַרבעט. אין דער פרי גייען ביידע אַרויס פון שטוב. דאָס קינד לאָזט מען ביי אַ שכנטע — אַ גוטע גויע. זי איז אַליין. דער מאַן — מאָביליזירט. זי איז קראַנק. גייט נישט אַרויס צו דער אַרבעט. זי לעבט אויף אַ קינדער־פּאַיאָק. דאָך — אַ פויערישע שטוב. ס'איז דאָ אַ קאַרטאָפל. אַביסל קוקורוזע־מעל. אַ שלונג מילך פאַר אַ קינד. אַ לעפל געקעכטס.

די שווערד פון הונגער איז דריי יאָר געלעגן אויפן האַלדז. שימעלע האָט אין זיך אַריינגעזויגן דעם הונגער, דעם טויטאַנגסט.

און ביז דער מלחמה ? אין דער אַלטער היים ?

אַ שטוב מיט קינדער. אַ האַלצבאַראַק. פון יאָר צו יאָר זינקט ער אין דער ערד אַריין. די שוועלן פון די איינגאַנג–טירן — נידעריק. די פענצטער — אַ ביסעלע העכער. מיט איין פוסהייב איז מען אינעווייניק.

בעת אַ רעגן ווערן די שינדל ווי שוואָמען — אָנגעדראָלן, וואַכקע. גיבן אַרויס פון זיך אַ ריח פון פאַטעכלע האָלץ.

אין די זומערס זענען זיי אויסגעקרימט, געראונדיקט ביז די ראַנדן. ס׳פעלן איינציקע און גאַנצע שרענגעס שינדלען, ווי אַרויסגעפאַלענע ציין פון אַ שווינדזיכטיק מויל.

נישט ווייט פון ביילעס עלטערן האָט איינער, משה פּיטשקע, געהאַלטן אַ רעזורע. יוסף איז געווען דאָרט אַ שטענדיקער איינגייער. גאַנצע שעהען פלעגט ער אָפּזיצן.

משה פּיטשקע — אַן איבערגעוואַקסענער ייִד מיט אַ לענגלעכן קאָפּ און הויכן שטערן, ברוין־בלויע באַקן און אַ שיטער בערדל, וואָס ער האָט שטענדיק געצופּט. געצופּט און אָוועקגעבלאָזן די האָר.

צוויי פאַכן האָט ער געהאַט, משה פּיטשקע; אַ פריזיער און אַ פעלדשער. מערסטנס האָבן זיך ביי אים געשוירן פּויערים און אָרעמע ייִדן. האָט אַ מאָל פאַרבלאָנדזשעט אַ יונגער פאַצעט, האָט ער געקענט אַרויס פון אונטער זיין שער אַ קרימינאַלניק: איין האַלבער קאָפּ אָפּגעגאָלט; די אַנדערע העלפט — מיט סימנים פון אַ פריזור.

דאָס גלייכן — מיט זיינע רפואות.

געקומען צו אַ חולה האָט ער אים קודם אַ טאָפּ געטאָן דעם פּולס. נאָך דעם גענומען אויספרעגן:

— אַז דו דעקסט זיך צו מיטן בעטגעוואַנט איז דיר הייס?

— יאָ.

— אַז דו דעקסט זיך אָפּ איז דיר קאַלט?

— יאָ.

— אַז דו קוקסט אַראָפּ פון אַ באַרג פאַרדרייט זיך דיר דער קאָפּ?

— יאָ.

— נו, דאָס איז עס.

— וואָס איז עס, דאָקטאָר?

— מען דאַרף האַקן באַנקעס אָדער שטעלן פּיאַווקעס.

— און דאָס וועט העלפן ?

— יאָ.

דאָך האָבן אַלע אים ליב געהאַט. אַן אייגענער מענטש. שערט ער עמעצן שלעכט אָפּ איז אויך נישט קיין מילער. איז עמעצער קראַנק — מאַכט ער דאָך נישט ערגער. אַ מאָל העלפן געהאַקטע באַנקעס אויך, אַ מאָל — פּיאַווקעס.

אָנקומען צו גרויסע דאָקטוירים, לוטשקאָווסקי אָדער צום געשמדטן ייִד געניך — איז נישט פאַר אַ ייִדישער קעשענע.

לוטשקאָווסקי האָט זיך געבלאָזן. געקוקט אויף דיר פון אויבן אַראָפּ. האָסטו געפרעגט ,,וויפל" ? — שטעלט ער אויף די האַנט און הייסט ציילן. צייל אַזוי לאַנג — מאַכט ער — ביז איכ'ל זאָגן ,,גענוג". פלעגן די ייִדישע ווייבער אַרויסגיין פון אים און ווינטשעווען :

— גאָט זאָל אייך צושיקן רייכע גוים.

און געניך ? ער איז תמיד אַרויס מיט זיין פילאָזאָפיע :

— ייִדן זענען אַן אומשטערבלעך פאָלק. אַ ראיה : זיי עסן טשאָלנט אום שבת, וואָס בלייבט אין מאָגן ביז מיטוואָך און ווערן נישט קראַנק. אומשטערבלעך, די זשידעס.

משה פּיטשקע האָט ליב געהאַט יוספן — ס'לעבן.

תחילת האָט מען געלאַכט :

— הויקער מיט שלימזל.

נאָך דעם, אַז מען האָט זיי ביידע געזען צוזאַמען : דעם פעלדשער מיט דער גאַל-מאַשינקע אין האַנט און יוספן מיט אַ בוך אונטערן אָרעם — האָט מען זיך שוין ווייניקער געוווּנדערט. נישקשה, ער איז נישט אין גאַנצן משוגע, משה פּיטשקע : אַ קאָפּ האָט ער אויף זיך פון אַ מיניסטער. דאָס גלייכן, יוסף — נישט סתם אַ בחור אבי וואָס. אין די שקאָלעס נישט געגאַנגען. אין דער ישיבה נישט געלערנט און אַ קעפּעלע האָט עס — ,,האָט עס", האָט מען אים גערופן צוליב זיין נעבעכדיקן אויסזען — פול מיט תורה. אַ פילאָסאָף. און אַ צונג אַ געשליפענע : פּערל שיט זיך אים פון מויל.

איין מאָל האָט זי אים געהערט רעדן, ביילע. זי איז שוין פון אים

נישט אָפּגעטרעטן. זי האָט אים פאַרטשעפּעט מיט אַ פראַגע:

— ווער האָט דער ערשטער געזאָגט, אַז ער זוכט ביי טאָג אַ מענטש מיט אַ ליכט?

— דיאָגענעס.

יוסף האָט באריכות געענטפערט ווער דיאָגענעס איז געווען: ווען און ווו ער האָט געלעבט. געזען, אַז ביילע הערט זיך איין — האָט זיך ביי אים אויפגעבונדן די צונג.

יעדע באַגעגעניש מיט ביילען איז פאַר יוסףן אַ יום–טוב. איר קוק טייעט אויף זיינע פאַרדרענגטע געפילן. באַפרייט זיין נשמה פון ענגשאַפט. וועקט אין אים אַ קוואַל פון גוטסקייט, פרייד. ביילעס נאָענטקייט צערייסט די וויסטע שתיקה אַרום אים, פאַריאָגט אַלע ביטול–בליקן, די שמייכעלעך, שנאת־חינם.

ג

נישט באַשערט געווען ביילען און יוסףן מאַכן תנאים און פראַווען אַ חתונה, ווי ס'באַדאַרף צו זיין. ניינצן ניין און דרייסיק, אַ וואָך פאַר ראש־השנה, האָט זיך אָנגעהויבן די וויסטע מהומה. מלחמה. אין איילעניש האָט מען געשטעלט אַ חופה. זיך געלאָזט אין וועג אַריין.

העכער אַ יאָר זיך געוואַלגערט אויף די זאַפּאַדנע געביטן. צוויי און צוואַנציקסטן יוני, ניינצן איין און פערציק — די צווייטע מהומה. מען רייסט זיך צו דער אַלטער, רוסישער גרענעץ.



ביילע געדענקט שוין נישט אַקוראַט, ווי אַזוי ס'איז געשען. קאַנטיק, אַז יוסף האָט יאָ געוווּסט, פאַר וואָס זיי זענען פון „שער העליה״, יפו, גלייך אַוועק קיין אילת: אום־ראַשרש*

דריי, פיר חורבות. פישער–הייזלעך. שרידים פון ליים־מויערן. ליידיקע, געלבברוינע זאַמד־שטחים. דיונעס. אומענדלעכער ים–מרחב.

עטלעכע צעוואָרפענע בעדוינער־געצעלטן — שוואַרצע פליאַמעס אויף

* אום ראַשרש — די מאַמע פון ווילדע ווינטן — אַראַביש.

העלער, נאָקעטער לאַנדשאַפט. נענטער צום ברעג ים — געצעלטן פון גראָען, גרינעם ברעזענט: לאַנגע, פּירקאַנטיקע און קײלעכדיקע געצעלטן מיט אַרויסשטאַרטשענדיקע האַלצפּלעקער אין מיטן — אַ מיליטערישע מחנה.

קלײנע קינדער, בעדויִנער, גײען אַפּט פּאַרבײ מיט עמערס װאַסער, װאָס מען שעפּט דאָ פון אַן אָפענעם גרוב אַרויס, אַ ברונעם, זאָגט מען. גרעסערע, שװאַרץ־געקלײדטע געשטאַלטן װײזן זיך אָפּט מיט בינטלעך צװײַגן אויף די קעפּ, ברײטע, לאַנגע שלעפּקלײדער, שװאַרצע קעפּלעך, טונקל־אויגיקע פּנימלעך, זעט מען אַרויס פון די געװאַנטן און שװאַרצע טיכער, װאָס האַלטן די לעבעדיקע פּעקעלעך געבונדן צו די מאַמעס.

עטלעכע צװאַנציק משפּחות — װתיקים און נײַע עולים — זענען אַ האַלב יאָר נאָך דער באַפרײַאונג פון דער שטאָט דאָ אַראָפּגעקומען.

אויף לאַנגע שעהען, האַלבע טעג, װערט שימעלע פאַרפאַלן. ברענגט אַ מאָל אַהײם אַ קאָרן־פּלעצל, אַ װײַסע, װײכע פּיתה. אָפּט — קעשענעס מיט כּל מיני שטײנדלעך. קאָליריקע שטײן־פיגורלעך, װאָס גיבן פון זיך אַרויס אַ געזאַלצענעם ריח. פולע זשמעניעס ים־בושלעס.

אַ באָרװעסער, אין קורצע חאַקי־הײזלעך, מיט שאַרפע זומער־שפּרענקעלעך אויפן אָפּגעברענטן נעזל — דרײט זיך שימעלע צװישן די שװאַרצע און גרינע געצעלטן. חבר'ט זיך מיט די בעדויִנער־ייִנגלעך.

אײן מאָל האָט אים בײלע געזען מיט אַ שװאַרץ ייִנגל. אַ גרעסערן פון אים. זײ האָבן זיך געשיפּט אויף אַ לאַדקע.

— שימעלע, שימעלע! — האָט זי אים אַ צעשראָקענע גערופן מיט בײדע הענט. די צװײ ייִנגלעך מיט דער לאַדקע האָבן זיך אויסגעדרײט מיטן פּנים צום ברעג, צו בײלען.

— אמא, קום, קום אַרויף אויפן שיפל, אַזעלכע שײנע זאַכן אונטן.

— װאָס פּלאַפּלסטו נאַרישקײטן, אַראָפּ! גיכער אַראָפּ!

— אוי, אמא: אַזעלכע שײנע פישעלעך, איזה יופי!

— װאָס פּלאַפּלסטו, װאָסער יופי? סכנות נפשות.

און די שײנע פּאַלאַצן אויפן דנא פון ים האָסטו געזען?

פּאַלאַצן. װאָס אַ ייִנגל פאַלט אײַן. אויף אַלע אירע שונאים. אַזאַ פּוסט־קײט דאָ. אַזאַ חמימה. אילת האָט זיך אים פאַרגלוסט, דעם פילאָסאָף, איר

יוספן.

— װאָס װעט זײַן? װאָס װעט פֿון קינד אױסװאַקסן? — האָט זי געטענהט צו יוספֿן.

— ס׳װעט זײַן, ביילע, אַ גרױסע שטאָט, אַ פֿאַרטשטאָט, זאָגט מען.

— קײן עין־הרע אין אַכטן יאָר אַ ייִנגל: װײסט נישט קײן צורה פֿון אַן אות.

— ס׳װעט זײַן, ביילע, אַ גרױסע שטאָט, אַ פֿאַרטשטאָט זאָגט מען.

— אַ פֿאַרטשטאָט דאַרף איך? אַ שקאָלע פֿאַרן ייִנגל דאַרף איך.

— אױך דאָס װעט זײַן.

— דערװײַל לאָזן אים אַזױ־אָ, הפֿקר אין װיסטן סטעפּ?

אפֿשר איז זי גערעכט — טראַכט זיך יוסף. זיכער גערעכט. ער זעט דאָס אָבער אַנדערש. ער קען עס ביילען נישט איבערגעבן אין װערטער. זי װעט עס נישט באַנעמען. נישט פֿאַר איר געמיט. „װיסטער סטעפּ״...

פֿאַר אים, יוספֿן, איז עס — װילדע שײנקײט. אין די פֿרימאָרגנס, אין די פֿאַרנאַכטן, בעתן אױפֿקום און לעשן זיך פֿון טאָג — װערן די זאַמד־דיונעס, די רוקנס פֿון די פֿלאַכע בערגקײטן, באַדעקט מיט שטרײַפֿן פֿון שאָטן און ליכט.

װי געלער סאַמעט מיט דינעם גאָלד־שטױב באַצירט — זעען אױס די צעכװאַליעטע פֿלאַכן. דאָס אױג קען זיך גאָרנישט אָנזעטיקן מיט דער מיניענדיקער פֿאַרבן־רײַכקײט. אַן אומגעהױערע שײנקײט טראָגט אין זיך אָט דער װיסטער, װילדער מדבר. פֿאַראַן שעהען, װען דאָס ליכט פֿון טאָג גײט אױף מיט דער בלענדעניש פֿון אומבאַפֿלעקטן, בלױען, הימל. עס גלי־װערט ממש די לופֿט פֿון דער רחבֿותדיקער, אָנגעצונדענער שטילקײט.

דאָ איז ער נענטער צו גאָט. די װעגן צו אים זענען אָפֿענער ליכטיקער:

דער גאָט, װעמעס עקזיסטענץ ער האָט געזוכט יונגערהײט אין די בלעטער פֿון דער „עטיק״, אין דער „תּורה פֿון די מידות״.

אַ ייִנגל, נישט קײן גאַנצע זעכצן יאָר איז ער אַלט געװען. אַרױס פֿון חדר־מתוקן. אַראָפּגעװאָרפֿן פֿון זיך „ס׳ייִדישע היטעלע״, די קאַפּאָטע. גענומען זיך צװײ מאָל אין דער װאָך ראַזירן, כאָטש דער האָרשפּראָץ, דער שיטערער, בלאָנדער, איז כמעט נישט אָנזעעװדיק געװען אױף זײַן פּנים.



געטאָן האָט ער עס נישט אַזוי פון באַדערפעניש, ווי אויף צו להכעיס דעם טאַטן, דעם דרדקי–מלמד. דער טאַטע האָט געוואָלט אים שיקן קיין לובלין אין דער ישיבה. איז ער גאָר געגאַנגען צו שמואל–לייזערן דעם גלעזער אויף דער לער. דער דימענט און דאָס גלאָז שניידן האָט אים עפּעס, ווי דערמאָנט אין מחבר פון דער „עטיק".

נאָך דעם איז ער אַוועק צו אַ זייגערמאַכער. געלייענט ביכער פון דער שטאָטישער ביבליאָטעק.

די ליבשאַפט צו נאַטור, די ביכער — האָבן אים אַריינגעפירט אין דער וועלט פון מענטשן,ביימער, געוויקסן.

ער האָט תמיד געחלומט פון אַן אייגן שטיקל פעלד. פון גערטנעריי.



יוסף האָט נישט ליב געהאַט זיך אַריינלאָזן אין לאַנגע שמועסן מיט ביילען. וואָס וועט ער גיין איינטענהן, אַז זי איז פאַרט גערעכט. ווי נאָר זי האָט אָנגעהויבן רעדן פון שימעלען און פון „וויסטן סטעפּ" — האָט ער איר גלייך פאַטאַקעוועט:

— גערעכט, ביילעשי.

— אַז ווייַ צום גערעכטן.

— וואָס דאַרף מען טאָן, ביילע?

— ביסט דאָך אַ גנן, ביסטו: וואָס טוסטו דאָ אויף מיט דיין גער־טנעריי?

— ס'איז דאָך דער אָנהייב, ביילע. כּל התחלות קשות.

— וויפל מאָל האָבן מיר שוין אָנגעהויבן?

— נאָך איין מאָל. דאָס לעצטע מאָל.

— איז עס פאַר אונדזערע כּוחות?

— וואָסזשע ווילסטו כ'זאָל טאָן?

— אַ שיכּון אין תל־אביב.

מיט דער טענה איז ביילע צוויי מאָל אין דער וואָך געפאָרן קיין באר־שבע אין סוכנות. זי האָט געפּועלט. מ'האָט זיי צוגעטיילט אַ שיכּון אין אַ פאָרשטאָט פון תל־אביב. ס'מאַכט זיך נישט אַזוי גרינג, ווי ס'רעדט

זיך. אויב װילן זיי דערװייל װוינען אין דער געגנט פון יפו — האָט מען איר געזאָגט אין סוכנות — מהיכא תיתי.

—פאַר װאָס נישט. אָבי אַרויס פון העק.

ד

יפו שטייט מיט אַ פאַרעקשנטן רוקן צו דער ליכטיקער, יונגער שיינער װועסטער־שטאָט — תל־אביב. נישט פון תרעומת, אוודאי נישט פון גדלות — שטייט זי אַזוי. מיט װאָס אַזוינס האָט זי זיך צו גרויסן? מיט די טונקעלע געסלעך, ליקן, מיסט־הייף? מיט די ליידיקע, מיט װילדגראָז באַװאַקסענע פּלעצער? מיטן שוק הפשפשים? הייזער, חורבות, בודינקעס, װאָס שטייען צו זיך מיט די רוקנס, װינקלדיק, פאַרנט פון כביש און פאַר־שטויסן אין די הייף מיט ליים־פּאַרקנס און בלינדע װענט. אַלטע מויערן מיט קראַטן־פענצטער. פאַרזשאַװערטע באַלוסטראַדן. באַלקאָנען מיט אַרויס־סטאַרטשענדיקע אַלטע שינעס, קרישלענדיקער טינק.

אַ געמיש פון פּנימער, הילוכס, העוויות, לשונות, מויערן מיט הויכע סקלעפּיעניעס, מיט טיפע נישעס. קאַפע־הייזער. געװעלבער. ליים־קיביט־קעס מיט װענט געפאַרבט אויף גרין און באַרדאָ־רויט — אַראַבישער שטייגער.

קאַרג־באַלויכטענע, האַלב־פינצטערע געסלעך, װוּ די זון גיט אין די שעהען פון איינס און צוויי אַ זייגער אַ לויף פאַרביי, װי אַ שנעלצוג.

נאַכט־לאָקאַלן. ביליקע רעסטאָראַנען. ביליקע פאַרגעניגנס.

אַ ביסעלע װייטער פון די געסלעך — ליידיקע מיסטפּלעצער. איינציקע, אָפּגעדאַרטע איילבירטן־ביימלעך, קאַקטוסן. אַ שטאָם פון אַן איבערגע־בראָכענער פּאַלמע. די ערד איז דאָ שטייניק, זאַמדיק. בערגלעך און גרויסע אויסהוילונגען. אַן אַלט הויז מיט דורכגעשאָסענע װענט.

אין יפו װערט פרי נאַכט. כהרף־עין פאַלט צו די טונקלעניש אויף די אַלטע, גראָע בנינים און שװאַרצע װענט.



זיי האָבן געװוינט אין אַן אַלט אַראַביש הויז הינטער יפו. פאַרנט פון הויז — אַן איינציקע מויער. פון אינעװייניק — אַ פּרדס. צוויי גרויסע,

פאַרקראַטעוועטע פענצטער, אַ פאַרזשאַווערטער באַלקאָן — צום שמאָלן כּביש אַרויס. עטלעכע צענדליק מעטער ציט זיך דער כּביש. ווייטער — אַ זאַמדוועג. קיין אויטאָבוס קומט אַהין נישט צו.

איינעם פון די צוויי גרויסע חדרים פון פוסטן גרויסן הויז, האָבן זיי פאַרנומען. אין צווייטן חדר האָט זיך באַזעצט אַ תּימנער שכן, סעדיה. די קיך און ס׳קלאָזעט — בשותּפות. ס׳שטיקל כּביש און דעם זאַמדוועג מאַכט סעדיה מיטן אייזעלע, וואָס איז זייער איינציקער שפּייזער. קויפט אויף „אַלטע זאַכין" און פירט זיי אויפן שוק הפשפשים.

דעם וועג אין בית־הספר מאַכט שימעלע אַביסל צופוס, אַ ביסל — מיט סעדיהס אייזעלע אין די טעג, ווען סעדיה פירט זיין סחורה אויפן שוק הפשפשים.

סעדיה איז אַ גוטער. ער זאָגט אים קיין מאָל נישט אָפּ. אין רעגנדיקע טעג, ווען סעדיה גייט נישט אויפן שוק — האָט שימעלע נישט קיין שטאַרקן חשק אַרויסצוגיין פון בעט. אין די הייסע טעג — גלוסט זיך אים נישט אַראָפּצוגיין פון אייזעלע. אָפט רייט ער אַריין ביזן שוק הפשפשים און פאַרבלייבט דאָרט.

זוימט זיך אָפּ די עטלעכע שעה, וואָס מען דאַרף זיין אין בית־הספר און גייט אַהיים. נישט איין מאָל „פאַרגעסט" שימעלע די שעה פון אַהיימגיין. — ער איז ביים ים. נאָך ייִנגלעך טרעפט ער ביים ים. ס׳איז היימלעך. ס׳גלוסט זיך נישט אַהיימגיין. וואָס וועט ער טאָן אין שטוב?

יוסף און ביילע האָבן וועגן שימעלעס נישט גיין אין בית־ספר זיך דערוווּסט ערשט שפּעטער.

יוסף קומט אַהיים פון די עלטערן־אסיפות מיט אַ פאַרפלאָמט פּנים פון בושה און ווייטיק. די שטילע רייד פון דער לערערין פאַלן אויף אים, ווי קאַלטע וואַסער־טראָפּנס אויף אַ הייסער פּליטע. —

שימעלע האָט פאַרן טאַטן נישט קיין מורא. ער קען אָבער נישט קוקן אויפן טאַטנס צעפלאַמטן פּנים. ווייסט ער, שימעלע: אין דער שעה, וואָס דער טאַטע קומט צוריק פון דער עלטערן־אסיפה, איז ער נישט אין דער היים.

יוסף און ביילע ווייסן דאָס. זיי ווילן דאָס קינד נישט מצער זיין.

װאַרט מען אויף אַ קילער מינוט:

— שימעלע, ס׳טבאַדויערן. פּוילקייט, אומוויסן — איז דער גרעסטער שונא פון מענטש.

— אפשר איז דיר שווער, כ׳על דיר צונעמען אַ לערער — בעט זיך ביי אים די מאַמע.

שימעלע שטעלט אויס אַ פּאָר גרויסע, שיינע, תמימותדיקע אויגן און — שווייגט.

איין מאָל האָט ער געענטפערט:

— איך קען נישט מאַכן די שיעורים. כ׳שעם זיך. אַלע אין קלאַס לאַכן פון מיר.

מ׳איז געהאָלפן געוואָרן מיט אַ שיכון:

צוויי־גאָרנדיקע הייזקעס. אַלע פון איין גרייס, איין גראָען קאָליר, קליינע פענצטערלעך אַן לאַדנס. פּראַנטטירן — גלייך אין גאַס אַריין. גאַסן אַן טראָטואַרן. די פענצטער־רעמען זענען פון אַ מין גאַס — אַ געמיש פון ביליקן אַלומיניום און מעטאַל. צעמענטענע טרעפּ אויף שינעס — פירן צום צווייטן גאָרן. אייזערנע באַלוסטראַדעס.

גערטנדלעך אַרום די הייזער־בלאָקן. אויך אַלטע ביימלעך — אַן איבער־בלייב פון אַ פּרדס. אויסערן שטח האָט אַזאַ ביימל אַ פּנים פון אַ היימלאָזן מענטש: איינגעדאַרט; געבויגן; די קאָרע איז פאַרטריקנט און שיילט זיך. ווי וועלשענע ניס איינגעשרומפּענע זעען אויס די ווילדע מאַראַנצן, ציטרי־נען אויף די ביימלעך. די אָפּגעבליאַקעוועטע בלעטערקרוין איז סיי זומער, סיי ווינטער אַ נעץ פון זומער־פעדעם און שפּינוועבס.

איז אַזאַ שטייגער ביימל געבליבן אין עמעצענס אַ גערטנדל — האָבן די בלעטער, די קאָרע אַ לעבעדיקע מראה. גיבן אַרויס פון זיך אַ פרישן, שמעקעדיקן ריח. אַן אויסגעגלייכטס, אַ שטאָלצס שטייט ס׳ביימל באַהאָנגען מיט פּירות גוטע, צייטיקע. די ערד אונטער דעם — טעלערמעסיק אַרומ־געגראָבן. ס׳קוועלט פון נחת, ס׳ביימל, עלעהיי אַ מענטש, וואָס וויל זאָגן:

— ווייל איז דעם, וועמען ס׳שפּילט צו ס׳מזל.

די דאָזיקע ביימלעך סיי פון דרויסן, סיי פון אינעווייניק, וואָס די האַק פון קאַרטשעווער האָט פאַרמיטן — זענען דער בראשית און דער המשך

פון אַ חלום. ס׳ציען צום חלום גייע עולים פון חרובע היימען, פון פייער־אויוונס, פון בונקערס און וועלדער.

אַ מאָל האָט אַ ווילד געוויין פון שאַקאַלן אַריינגעיאָמערט אין די צעצונדענע שייבלעך.

אָפּגעווייטערט, פאַרשטויסן, איז אַצינד דאָס שאַקאַלן–געוויין. מחוץ דעם שיכון, אויף די נאָך נישט באַוווינטע שטחים, ליגן אַוודאי נאָך די פאַר־טריקנטע פעלכעלעך. ס׳וואַלגערן זיך ביינער, סקעלעטן פון הונגער און בענקשאַפט אויסגעפגרטע שאַקאַלן.

זי וועט צעאַקערט ווערן, די ערד, אויסגעגלייכט ווערן פאַר גייע שי־כונים און גערטנער און שפּילפּאַרקן. דאָס איז די ערד, וואָס די זיידעס, טאַטעס האָבן, ווי קמעות געהיטן: זעקעלעך ארץ־ישראל־ערד אויף איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר — האָט ער זיך געטראַכט, יוסף.

זיי האָבן נישט דערלעבט. זייער שטויב איז דאָ אַהער געקומען. ער, יוסף,ביילע, שימעלע: אַלע דאָ דאַרפן לעבן דאָס נישט דערלעבטע לעבן פון די, וואָס זענען דאָרט געבליבן.

ה

איז גוט, וואָס ס׳האַלט ביי אַ חתונה. יוסף דערמאָנט זיך, וואָס זיין מאַמע פלעגט דערציילן, ווי אַזוי מען האָט געפּראַוועט איר חתונה.

געדעקטע טישן מיט חלות, ווייס ברויט, מיט קוילעטשן. פיש און פלייש און גילדענע יויך. קאָמפּאָטן. טיי מיט וואַרעניע. איינגעמאַכטס. דער גראַ־מאָפאָן האָט זיך געריסן דעם גאַרגל. די קלעזמאָרים האָבן געקרימפּלט. חיים־לייב וועווריקס, איר טאַטע, דער פאַוואַליבקער, וואָס האָט זיך קיין מאָל דעם ליעטניאָק נישט צעריסן, קיין גיכן שפּאַן נישט געטאָן — האָט פאַרהויבן די פּאָלעס אין אַ קאַזאַטשאָק. דער בדחן האָט געציקלט ניגונים און גראַמען. און ס׳דרשה–געשאַנק?

טאַבאַק און בשמים–פּושקעלעך. פאַרצעליי־טעלער, פּראַזשעטענע לעפל־גאָפּל־מעסער. זילבערנע לייכטער. אַ קופּערנע פאַן אויף פיש. ס׳האָט אים, יוספן, דערמאָנט, וואָס דער רבי האָט איין מאָל געזאָגט:

„ווער ס׳דאַוונט אַלע אין דער פרי און עסט פיש אום שבת — מעג

ער זיין דער גרעסטער אפיקורס — וועט ס׳גיהנום נישט ליידן: דער טלית וועט אים פאַרדעקן און די פיש וועלן מלחמה האַלטן מיט די שדים״.

ווי קונציק דער בדחן האָט אויסגעוויקלט פון די פעקלעך דרשה־געשאַנק, און געוואָרפן אויפן טיש פאַר אַלעמענס אויגן: זיידענע קופּקעס, טיש–סערוועטן מיט אַליין–אויסגעהאַפטענע מאָנאָגראַמען, ציכלעך, איינשיטן און יאַשיקלעך, אויר־ינגלעך און גלעזערנע פּערל. ווער קען דען אַלץ אויס־רעכענען.

לייב סטעלמאַך איז געגאַנגען אויף שטאָלצן. אַ חתונה–זאַל — אַ קאַ־זאַרמע.

טאַקע געווען אַ קאַזאַרמע. אָפּגעקויפט זי פאַר אַ שיבוש ביים אָפּ־טרעטנדיקן דייטש. אויסגעלאַדעוועט — און זאָלן זיין שׂמחות ביי ייִדן.

לייטשע, די באָבע, איר מאַמע — אַ ליכטיקער גן–עדן אויף איר — האָט געשיט מיט געלט. אַלע מאָל אונטערגעהויבן די יופּקע. אַרויסגעשלעפּט פון דער האַלקע־קעשענע זשמעניעס זילבער־שטיקלעך. דער זיידע — ס׳זאָל אים נישט אויסגערעדט זיין — האָט פון גרויס גדולה פאַרלוירן דעם טייסטער. אַ קאַרגער געווען. אַ סקנער. אָבער אַ פריילעכע נשמה.



היינט אַ חתונה:

דאָס אונטערפירעכץ האָט נישט קיין ייִדישן טעם. דער רב כאַפּט אָפּ די דרשה, ס׳אָפּירלייענען די כתובה, „הרי את״, און דער חתן גיט אַ טופּ מיטן פוס אויף עפּעס איינגעוויקלטס אין אַ פּאַפּיר, אַ זופּ פונעם בעכער, אַ פאַרהייב דעם כלה־שלייער און — כאַפּט זיך צום קושן.

און ס׳חדר מיוחד ווו איז? — נו, מילא. היינט וואַרט מען נישט אויף די זאַכן.

און ביז מען שטעלט זיך אונטער די פיר שטאַנגען?

מחותּנים קעגן מחותּנים ביים אַריינגאַנג. צעשמייכלטע פּנימער. געסט. ווינטשעוואַניעס. מען קושט זיך. מען גיט אָפּ מזל–טוב און מען שטופּט אין די הענט אַריין קאָנווערטן.

ביילע האַלט אַ לעדערנעם בייטל. די קאָנווערטן ווערן נעלם. די ווינ־

טשעוואַניעס הערן נישט אויף. די מחותנים שטופּן די קאָנווערטן אין די בוזעם–קעשענעס, אין די הויזן–טאַשן.

יוסף טראַגט נישט קיין אָנצוג. ס׳העמד איבער די הויזן מאַכט אים נאָך נידעריקער, ברייטער. ער נעמט נישט קיין קאָנווערטן, קיין מתנות. זיין פּנים שמייכלט. אַ שאָטן פאַרציט זיין ליכטיקן שטערן. זיינע בלויע אויגן, די קלוגע, וואַרפן אומרויִקע בליקן אין אַלע זייטן.

בושה איז אַ קרומקייט, וועדליק שפּינאָזאַ און מען דאַרף זי בייקומען — טראַכט ער זיך אין די רגעס. ער ווענדט דערביי אָפּ זיינע אויגן פון די גרויסע שפּיגלען אויף די ווענט. זיי טאָפּלען זיין אויסגעקרימט, נידעריק געשטאַלט, די האָרבאַטע, לענגלעכע נאָז, ס׳ברייטע מויל. אַ ווייטיק כאַפּט אים אַרום. אָן אַלטער ווייטיק, ער קומט אומדערוואַרט מיט באַנייטער דרי־קעניש. עס יאָגט אים צוריק אין זיין וועלט אַריין: אַ וועלט פון אויס־דאַכטעניש, דערוואַרטונג, נס, אָן אויסגעדמיונטע וואָר — — —

... אין איינעם אַ פרימאָרגן וועט ער זיך אויפהייבן, צולויפן צום שפּיגל און זען זיך אַ גלייכן, אַ שטאַלטנעם. אַ מענטש, ווי אַלע. אָדער — פון ערגעץ־ווו וועלן פּלוצים זיך יאָווען דאָקטוירים, פּראָפעסאָרן, מומחים אויף אויסגלייכן הויקערס, געבראָכענע מענטשן. אַ מאָל, יינגלווייז — אַ קינד, האָט ער געחלומט פון כישופמאַכערס, בעלי–מופתים, וואָס וועלן דאָס מאַכן מיט אַ שפּרונג...

אַזוי פיל מענטשן זעט ער. יוסף, שיינע, הויכע, גלייכגעוואוקסיקע און — גאָרנישט. צי זענען זיי גליקלעך, ווי ער — אומגליקלעך? ווען יאָ, וואָלטן דאָך אַלע מענטשן אויף דער וועלט אַ שענער פּנים געהאַט. משמע, די סימעטריע פון גוטס, שלעכטס, שיין, מיאוס — איז אויך אומסימעטריש.

ביזן זעצן זיך צו די געדעקטע טישן מאַכט מען דערווייל אַ לחיים. מען איז עפּעס טועם. מען פאַרבייסט מיט ... אַ רכילותל:

— אַ שאַנקייט פון אַ חתן.

— אַ קראַסאַוויעץ.

— זעט נאָר דעם טאַטן זיינעם.

— נעבעך.

— און ס׳העמדל איבער די הויזן...

— װאָסי, ס׳אַ פּויערישע חתונה?

— אפשר אויסטראַיען זיך אין אַ פראַק מיט אַ פּטשענט?

די שיכון־שכנים האָבן געקוקט אויף דער שיינער כּלה און אויף שימעלען. געשאָקלט מיט די קעפּ:

— אַ שיינער עפּל און...

יוסף לייענט אַלעמענס בליקן, סיי די פאַרביילויפיקע, וואָס ווילן אים נישט מצער זיין, סיי די בליקן, וואָס בלייבן הענגען אויף אים לענגער, ווי מען באַדאַרף.

ער פינטלט מיט די אויגן־ווייעס. עפּנט און פאַרמאַכט זיי, ווי בעתן איבערכאַפּן זיך פון אַ בייזן חלום.

ביילע זעט יוספס צעטראָגנקייט — וויל זי אים דערפרייען מיט אַ שמייכל:

— האַ, יוסף: דערלעבט צו פירן שימעלען צו דער חופּה.

ווי פאַרביקע מאָטילן אַרום ברענענדיקע לאָמפּן, פלאַטערן זיינע בליקן אַרום די טישלעך מיט מאכלים און געטראַנקען.

מענער, פרויען, יונגוואַרג, קינדער, אַלע זענען זיך משמח. שיינענדיקע פּנימער. הויכע, האַרציקע געלעכטערס. נישט קיין שיכּורע, ווילדע אויס־געשרייען, ווי אויף גוייִשע חתונות, משתאות.

אַ ייִדישע חתונה. אַ מאָל — קלעזמער, היינט — שפּילערס. נישטאָ היינט קאַמאַרסקעס, פאַלקעס, שערן. היינט גייען פאָקסטראָט. טאַנגאָ. וואַלס. ס׳האָלט שוין ביי דיסקאָ — לעצטע מאָדע. די זעלבע ייִדישע פּנימער — אָבער אַנדערע קליידער. ייִדישע העוויות, תנועות. אַלטער ווייַן, ייַן משומר — אין אַ נייער כּלי. אַ נייער, יונגער ריח. נייַן. ער זעט אין דעם נישט קיין שינוי, אויף ערגערס. פאַרט ביי זיך אין דער היים. אָן אייגענעם דאַך איבערן קאָפּ. אָן אייגענעם הימל איבערן דאַך. אויך די אַלטע שנאה איז אָן שינוי.

די אַלטע, גוייִשע שנאה. מען האַלט אין איין שטשירען מיט די ציין: ציוניזם־ראַסיזם. „זכות הקיום?״ צי די ייִדישע מדינה האָט זכות הקיום? ווען זיין טאַטע דער דרדיקער וואָלט היינט געלעבט: אַ טבע האָט ער געהאַט צו שחרית איינוויקלען זיך אין טלית ביז איבערן קאָפּ און מורמלען: „אָפּגעשיידט בין איך אַצינד פון דער גוייִשער וועלט און נאָר מיט דיר,

,אדוני אחד, אבינו שבשמים', בין איך".

ער וואָלט היינט אַ פאַרהילטער אין טלית געשעפּטשעט: „אדוני אחד, אבינו שבשמים": אתה בחרתנו... און זיי די שרצים אויף דער ערד דאַרפן אונדז געבן אַ היתר, דאַרפן באַשטימען אונדזער „זכות הקיום?"

יוסף זעט די פריילעכע, צעזונגענע, טאַנצנדיקע און פּלוצעם גיט ער זיך ערגעץ אַ פאַרקוק. איבער אַלעמענס קעפּ, ווייט, ווייט איבער גרענעצן פאַרטראַגט אים דער בליק זייַנער. אַלע פריילעכע קלאַנגען און קולות. אַלע פרייד־געשרייען, הויכע געלעכטערס, וואָס פילן אָן דעם חתונה־זאַל — זענען מיט אַ מאָל, ווי פאַרטראָגן געוואָרן פון אייגענעם, הילכיקן גערויש. געלאָזט הינטער זיך — אַ שטילקייט. מיט אַ באַזונדערן חוש־השמיעה האָט יוסף זיך איינגעהאָרכט אין דער אַריינגעטראָטענער שטילקייט, אין דער דממה.

...ווי פאַרסמאַליעטע שמות נאָך אַ שריפה, האָבן אַ שוועב געטאָן טאַטע, מאַמע, זיידע. פרייטיק צו נאַכטס, צו ליכט צינדן, פלעגט ער זיך צוכאַפּן צום זיידן.

אַ שניידער. ער גייט איבער די דערפער. הינטער דער שטאָט אויף אַ פעלד וווינען זיי. אַ גרויסע, דאַרפישע שטוב. אַ גאָרטן. ווייטער פון שטוב — אַ קאָניעטשינע־פעלד, אַ וואַלד. פאַזע דעם וואַלד ציט זיך אַ שמאָלער שאָסיי, ברוקירט מיט רויטע ציגעלעך. אַ גויִישע געגנט. גויִישע גאַסן. שיינע מויערן. רויטע דעכלעך, געפאַרבטע ווערענדעס — אויפן דייַטשישן שטייגער: סעדער; דראָט־שטאַכעטן; פלויטן; פּאַדווירעס; אַ קייכנדיק בייז בילן פון הינט. אָפט פלעגט אַזאַ איינער זיך אַ וואַרף טאָן מיט אַן אָפענעם פּיסק און רייסציינער. ווען נישט די קייט, וואָס האָט אים אַ צי צוריק געגעבן — וואָלט ער געדורסט מענטשן.

אַ פּחד האָט אים אַרומגעכאַפּט בעתן פאַרבייגיין די ערטער. ס'האָט אים אָבער געצויגן אַהין: די ריינקייט פון די גאַסן; דער ריח פון קאָניעטשינע־פעלד און — זיידע־באָבעס שטוב. דער גאָרטן און די האָלץ־קלאָטקע, וואָס האָט געפירט צום זיידן אין שטוב אַריין, האָט אויך עפּעס פון יענעם פעלד־ריח און ריינקייט.

פאַר ליכטצינדן האָט אים די באָבע געשיקט אויסקוקן דעם זיידן, וואָס

דאָרף אָנקומען מיטן וועג פון דאָרף. די באָבע, אַ הויכע, אַ ברייטע, מיט גרויסע מאַנסבילשע הענט, מיט אַ פּאַטשיילע אויפן קאָפּ, אין אַ לאַנג קלייד און שפּענצער — איז געשטאַנען אין דער אָפענער טיר. זי האָט זיי ביידע אָפּגעוואַרט. געזען אים און דעם זיידן מיטן פּאַק אויף די פּלייצעס, האָט זי פריילעך אויסגערופן:

— סקאָצל-קומט. אַבי מ׳זעט אים, דעם פּרנסה-געבער.

מיט אירע גרויסע הענט, מאַנסביליש, האָט זי אַ כאַפּ געטאָן דעם זאַק און אים איבערגעקערט מיטן „פּיסק" אַראָפּ. עס האָט זיך אַ שאָט געטאָן די „גאַנצע וואָך אַרבעט": שוואַרצע און ווייסע שטיקער פוטער־וואַרג, קוטשמעס, וואַטענע הויזן, טיזליקעס, רעקלעך און באַשליקן.

צום אַהיימגיין האָט אים די באָבע געגעבן אַ מאַנקיכל, אַ קאַלט גלאָז שטשאַוו־באָרשט. דער זיידע האָט אים אַרויסבאַגלייט ביז נאָכן ציגלוועג, וווּ ס׳לאָזן זיך אויס די גוייִשע גאַסן.

— — — מזל־טוב, מזל־טוב — הערט ער פּלוצעם דער באָבעס קול: „אין אַ גוטער שעה", „ווער מיר גוטס גינ׳ט", „סאָראָ חתונה".

שלאָבעריקע, קוים–קוימיקע קולות. קוים וואָס ער הערט זיי. ווינטשע־וואַניעס. קיין פּנים זעט ער נישט. אַן אָפּן מויל אָן ציינער. אַן אָנצייניק מויל, וואָס ווערט וואָס אַ מאָל גרעסער, אָפענער. און אַ פינצטערניש פון אינעווייניק.

נאָכט. און אַ גרויס שטומעניש...

און פּלוצעם — ווידער געלעכטערס. פריילעכע אויסגעשרייען. מוזיק. די בלענדיקע ליכטיקייט שלאָגט יוספן אין די אויגן. ער פינטלט מיט די וויִעס. עפּנט און פאַרמאַכט זיי. מ׳טאַנצט. אַ קלאַרנעט רייסט זיך מיט קולי־קולות. מיט אַ מאָל ווערט שטיל. די בלענדיקע ליכטער לעשן זיך. אַ טונקעלע שיין נעמט אַרום דעם חתונה־זאַל. אַ מתיקותדיק געוויין פון אַן איינציק פידעלע. אַ ייִדיש פידעלע. אַ ייִדישער פריילעך–טרויעריקער ניגון — און ס׳רינט די פריילעך דורך דער ייִדישער טרער.



ו

ס׳פּנים לאַכט און ס׳האַרץ וויינט.

אַז אַ טאַטע איז מגדל קינדער — האָט ער ערגעץ געלייענט — זיי ווערן גרויס און זענען ווייניקער פון אים — האָט ער אין זיין לעבן גאָרנישט אויפגעטאָן. פאַר וואָס האָט ער זיך גראַד אַצינד אין דעם דער־מאָנט, ווייסט ער נישט, יוסף. אָבער די שאלה איז אַ שאלה און קיין ענטפער אויף איר האָט ער נישט.

— האָט ער טאַקע אין זיין לעבן גאָרנישט אויפגעטאָן?

— איז שימעלע ווייניקער פון אים?

אפשר איז ער, זיין טאַטע דער בעל־מום, אים מקנא? קען אַ טאַטע מקנא זיין אַן אייגן קינד? — ליבשאַפט און קנאה צו אַן אייגן קינד?

ווי ווייזערס אויף אַ ציפערבלאַט פון אַ זייגער, דרייען זיך די שאלות — אָן תשובות — אין קרייז פון זיינע טעג און נעכט. זיין פגם — זיין פונקט. גיב אים אַן אָנשפּאַר־פּונקט — האָט געזאָגט אַרכימעדעס — קערט ער איבער די וועלט.

נישט אַנדערש, זיין וועלט איז אַן איבערגעקערטע. אויף איר אייגענער „אַקס" — דעם פגם — דרייט זי זיך אין חלל צווישן מענטש־פּלאַנעט. וויפל מאָל ער זאָל זי נישט גרונטפעסטיקן, זיין חרובע וועלט, האַלט זי אין איין פאַלן, פאַלן אין תהום.

ביילע קוקט אויף יוספן און זיין פּנים געפעלט איר נישט. ווי אויף דעם עולם התוהו שטייט ער — אַ נישט־היגער. יאָ. אַזאַ טבע האָט ער, יוסף. ווען אַלע לאַכן, פרייען זיך — איז ער טרויעריק.

אַרום משפחה־טיש זיצן זיי, ביילע און יוסף, מיט די מחותנים און קרובים פון דער כלהס צד.

— יוסף, יוסף — טאַרעט זי אים.

יוסף שטעלט אויף איר אַן זיינע קלוגע אויגן און פאַרנעפּלטן בליק, ווי איינער רעדט:

— ווי אַזוי, ווען איז ער צו דעם טיש געקומען — אסור צי ער ווייסט. ער האָט זיך אַרומגעקוקט:

די קלעזמאָרים — יונגע בחורים מיט לאַנגע האָר און רויטע, קאָמע־דיאַנטסקע העמדלעך — טרענצלען די לופט מיט קלאָרנעט, פּלייט און דזשאַז. אין מיטן דרינען — באַץ. אַלע בלייבן שטיל. אַ חתן־כּלה־טאַנץ. די כּלה — מילא. אַלע כּלות זענען שיין. פון חתן נעמט מען נישט אַראָפּ די אויגן. ער איז אַרויס אויפן זאַל אַ פריש־געקליידטער. װען איז ער אַװעק, פון װאַנען איז ער אָנגעקומען — װייסט אים דער גוטער יאָר.

צו דער חופּה האָט ער געטראָגן אַן אַנצוג פון טונקעלן קאָװערקאָט. אַצינד — אַ העלער שטאָף מיט אַ רויטלעך שטרייפל. אויסגעגאָסן ליגט ער אויף אים.

לייכט און פלינק באַװעגט זיך ספּאָרל. שװעבן. אַלע פּאָטשן מיט די הענט. נאָר דאָס פּידעלע הערט מען. דער קלאָרנעט באַגלייט אין דער שטיל. אַ דין־דינער, טיפער טאַנגאָ.

שימעלעס הויכע, שלאַנקע פיס שפּילן אויס אַ ליבעטאַנץ. יאָ. דאָס קאָן ער. אַרום זיינע נערװעזע נאַזפּליגלען פּאַרציִען זיך צװיי קנייטשן. יונגע, אומדערפּאַרענע קנייטשן. אַזוי יונג און אַזאַ שװייגער. קאַרג אויף אַ װאָרט. קאַרג אויף מעשים. קאַרג און פויל — אין דער מחשבה. ס׳טוט אים װיי, יוספן.

דער געדאַנק, אַז ער, יוסף, איז דער טאַטע פון אַזאַ שיינעם זון — פּילט אַן זיין האַרץ מיט שמחה און מיט צער.

ס׳פּנים לאַכט און דאָס האַרץ װיינט.

זיין שימעלעס קומען אויף דער װעלט איז דאָך אַ פּועל יוצא. ער — די סיבה. זיין טאַטע, דער דרדקי־מלמד איז די סיבה פון זייער ביידנס עקזיסטענץ. אַ לאַנגע, אַן־סופיקע קייט ביזן מקור — סיבת הסיבות...

ביזן מקור פון — דער סתירה: ער, אַ געבראָכענער, אַ בעל־מום. זיין זון — אַ שיינער, שטאַלטנער, געװיקסיקער, מיט גלייכע ליגיעס.

עלף אַזייגער האָט, װי ס׳פּירט זיך דאַ, אויפגעשפּילט די „התקוה״. אַלע זענען שטיין געבליבן אויף די ערטער. די אַריינגעטראָטענע, פייערלעכע שטילקייט, די מתיקותדיקע קלאַנגען פון יִדישן הימן אויף אַ חתונה — זיין שימעלעס חתונה — האָט אין יוספן אויפגעװעקט די אַלט־נייע תּפילה:

גאָטעניו, נעשה אדם: װאָלסטו שימעלען געגעבן עפּעס פונעם גלייכן

שכל און אים, זיין טאַטן, עפּעס פון זונס שיינקייט, שטאַלטנעקייט!

שיינע מענטשן האָבן אומזיסטע פריינד. פאַר וואָס האָט ער אומזיסטע שונאים? רחמנות–בליקן? סיידן, אָט די קרומקייטן זענען ביי „נעשה אדם" — אַ גלייכע זאַך.

„גאָטעניו, דו האָסט מיין זון געגעבן אַלץ, וואָס איך האָב נישט. וואָלסטו מיר געגעבן עפּעס פון דעם, וואָס ער האָט יאָ".

יוסף האָט קיין מאָל אָט די מחשבות אויף די ליפּן נישט אַרויסגעבראַכט. גראָד אַצינד, די לעצטע שעה פון דער חתונה — האָט עס אין אים אויפגערודערט: ...מחשבות, מחשבות — כוואַליעס יאָגן. שטויסן זיך אָן איינע אָן די אַנדערע. אויך ער — אַ כוואַליע. עפּעס שווערט אים אַראָפּ. אוי, דער הויקער. — און אָט — שווימט ער אים אַנטקעגן, דער הויקער. ווי אַזוי האָט ער זיך פון אים אָפּגעריסן. ער עפנט דאָס מויל, וויל שרייען — און דער הויקער שווימט אים גלייך אין מויל אַריין: פאַרשטאָפּט אים דאָס מויל. —

און די אויערן זענען אָפן...

אַ פידעלע שפּילט. ווייניק. אַ שטיל שאַרכן פון פיס. אַ שאָרך פון קליידער. און יוסף איז איינגעהאָרכט אין אייגענעם שווייגן.

# אין קימפעט

## א

אַ האַלבן טאָג און אַ גאַנצע נאַכט איז מלכה געגאַנגען צום קינד. ס׳באַבעלע — אַזוי האָט מען גערופן די אַפּנעמערין — דרייט זיך אין שטוב, אַ לאַנגע שטוב, אַן אָפּגעצוימטע, מיט צוויי האַלבע פאַרהאַנגען פון וואַנט צו וואַנט.

אַריין און אַרויס פון אונטער די פאַרהאַנגען דרייט זי זיך, אַ נידעריקע, אַ יוסטע, אויף רירעוודיקע פיסלעך. איר פּנים איז פאַרדאגהט מער ווי תמיד בעתן פאַרען זיך אַרום אַ קימפּעטאָרין.

אויך דאָס פּנים פון משהן, מלכהס מאַן, איז נישט ווי נעכטן און אייערנעכטן. איטלעכס מאָל ווייזט ער זיך אין דער טיר פון פאָדערשטוב.

מלכה און משה: תמיד האָט מען זיי געזען צוזאַמען, ער, אַ געוויק־סיקער, אַ דיקלעכער; ס׳גוטמוטיקע שמייכלע אויפן פּנים זיינעם פאַרווייכט דאָס גשמיותדיקע, שווערלעכע אין זיינע תנועות; זיין עטוואָס שטיוונע גאַנג. די הענט מיט די גרויסע דלאָניעס האַלט ער פאַרנט פון זיך. מלכה — נישט קיין סך נידעריקער פון אים, אַ שטאַלטנע, אַ פולע — וויגט זיך ביי זיין זייט אויף אַ האַלבן סלופּעק. סימנים פון אַ יונג גוידערל מאַכן איר לענגלעך, שיין פּנים, גלייכע ליניע פון דער נאָז — קירצער: גיבן צו גוטסקייט, שטאָלץ איר ווייבלעכן גאַנג.

שבת אין די נאָכמיטאָג־שעהען, פאַרנאַכט־צו אין די וואָכנטעג שפּאַ־צירן זיי מיט דער הויפּטגאָס פון דער „גורקע"* ווו דער קלויסטער שטייט, לענג־אויס באַרג־אַראָפּיק ביזן זאַקסישן גאָרטן.

אין די קילע אָוונטן טראָגט מלכה אַ טונקל־גראַנאַט אָדער באָרדאָ־קליידל מיט אַרבעלעך ביז די עלנבויגן. אַ מאָל — אַ טריקאָ־ספּודניצע ביז

* אַ הויכער באַרג.

איבער די קני מיט אַ װאָלן זשאַקעטלע, אַ װײַסע שאַל — אַ מין קאַפּטיכל, װאָס מאַכט איר אַליוו פּנים שענער.

זומער — אַ קלײדל פֿון לײַכטן שטאָף. אָפּט — אַ באַטיסטן־בלוזקעלע ביז אַרויף צום האַלדז — פֿאַרצויגן מיט אַ שלײף. מאַכן זיך גאָר הײסע טעג — איז געװוּנג אַ געבלימטער סאַרעפֿאַן אויף אָרעם־בענדלעך.

געאַרעמט גײען זײ: משה — געבויגן צו איר; זײַן פּנים — ערנסט, שטײף, אַ שטײגער — ער גײט לעם אַ פֿערזאָן אַ סך אַ װיכטיקערן פֿון אים. זײַן ברײטלעכער האַלדז — זומער און װינטער אָפֿן. אין די שבתים און יום־טובים — אין אַ קאַלנער־בינדע.

קײנער װאָלט נישט געזאָגט, אַז דאָ גײט משה דער געגריװועטער שוסטער מיט זײַן װײַב מלכהלע, װעמען ער האָט באַקענט בײַ איר טאַטן אין שטוב — גדליה שוסטער. געקומען צו גדליהן אויף דער לער און — געװאָרן זײַן אײדעם.

קנאַפּע פּופּצן יאָר — און סאַראַ פּירן זיך? גלײַך אָקערשט פֿון אונטער דער חופּה. אלא מאי? — אַ קינד.

„אַלץ בײַ אײנעם איז נישטאָ בײַ קײנעם״.



אָסיען. אַ שלעכט װעטער. שלעכטע נײַעס.

מלחמה־נײַעס. װי אַ בײזער, האַרבסטיקער װינט טראָגט זיך די נײַעס איבער דער שטאָט. רעדלעך, גרופּקעלעך מענטשן אין די גאַסן. בלאַסע פּנימער. אומרו אין די אויגן. די שמאָלע געסלעך, ליקן פֿון ייִדישן פֿערטל — װי זײ װאָלטן זיך געטוליעט, געװיקלט אַרום די נידעריקע מויערן, געװעלבן, הילצערנע הײזלעך מיט געבויגענע דעכער — שיפּועים איבער קלײנע פֿענצטער און בלינדע טירן.

פֿון די אַרומיקע דערפֿער יאָגן אַן פּויערישע פֿודלעך אַלע טעג פֿון דער װאָך, מער װי תמיד — אין די דינסטיקס, אויף די ירידים. אַ טראַס־קעניש פֿון אײַזערנע רעדער און פֿערדישע קאָפּיטעס אויפֿן שאָסײ. מען כאַפּט פֿון די הענט. קונה־הכּול. מען דינגט זיך נישט. מען מעסט נישט און מען קלאַפּט זיך נישט אין די הענט. דאָס גלײַכן — די שטאָטישע:

מען קויפט נישט, וואָס מען דאַרף, נאָר — מען דאַרף וואָס קויפן; פּטור ווערן פון געלט כאָטש דער גראָשן קומט אָן שווער. אַ זעקל קאַרטאָפל, אַן עוף, אַ שאָק אייער, אַ הייפטל פּוטער — שלעפּט מען פון די וועגעלעך אַראָפּ נאָך איידער זיי קומען אין שטאָט אַריין.

ס׳דאַרף באַזאָרגט זיך מיט זאַלץ, שוועבעלעך, קעראָסין. בעתן אויפ־בינדן די קניפּלעך ציטערן די פויערישע הענט. אַז פויערישע הענט ציטערן איז אַ שלעכטער סימן. אַ פויער פאַרשטייט מער, ווי ער ווייסט. אַ פויער לייענט נישט קיין בלעטער און לעבט נישט אויפן זייגער. ער לעבט אויף דער ערד און קוקט אויף דער זון.

ווערט אַ פויער ריידעוודיק — איז אויך אַ שלעכטער סימן. נישט גע־שטויגענע, נישט געפלויגענע מעשיות דערציילט מען זיך איבער:

— אַ וואָראָנע איז געשטאַנען אויף איין פוס און געקראַקעט;

— אַ טשאַטשע באַטשאַנעס איז געפלויגן אין דער ברייט;

— די זון האָט זיך געזעצט אַזוי רויט, ווי טייכן בלוט וואָלטן זיך אויפן הימל געגאָסן;

— אַ ליאַדע טאָג וועט אוודאי זיין אַ ליקוי־חמה.

סוף הארבסט. נאָקעטעביימער. די געל־ברוינע בלעטער אונטער די פיס גיבן פון זיך אַרויס אַ ריח פון אַ פאַרטיק געקעכטס... וואָס קאָכט זיך דאָרט אין די הימלען? — אין די נעכט מיניען לעמפּלעך פון שפּיצקלויסטער אויפן באַרג. ווי קליינע שטערנדלעך טיף פאַרשטעקט אין הימל זעען זיי אויס אין די פאַרנעפּלטע אָוונטן. סאַראַ שמחה אויפן אָרעמען יעזוסל? סאַראַ גרייטן זיך צו ווייגאָכט? ווי... ווי... נאָכט.

און מלכהלע גייט צו קינד.

— אָוי! אָאוי! מאַאמע!

מלכהלעס מאַמע איז שוין פון לאַנג אויפן עולם אמת. אַ טאַטע איז דאָ, גדליה שוסטער, אַן עלטערער מאַן, קומט ער אַלע מאָל צו לויפן מיטן פאַר־פּעצטן פאַרטעכל און טונקעלן קאַשקעט איבערן שטערן — אַן איינגעסמאָ־ליעטער, אַ צעטראָגענער. קוקט ס׳באָבעלע אין די אויגן אַריין.

— ווייסט שוין ס׳באָבעלע און וואַרט נישט ער זאָל פרעגן:

— גאָט וועט העלפן. וואָס אָפּטער, שטאַרקער די ווייען — אַלץ נענטער

**די גוטע שעה.**

פאַרשטייט נישט דער אַלטער מאַן. קראַצט זיך מיט די שוואַרצע נעגל־פינגער אין קורצן, גראָען בערדל, רוקט דעם דאַשעק אַרויף און אַראָפּ:

— וואָס הייסט שטאַרקער, אַפּטער?

— אַלע צען, פינף מינוט.

— שוין צוויי מעת–לעת.

— מיט גאָטס הילף וועט זיך די טראַכט עפענען — שטעלט זי שוין אָן אַ פּנים, אַז יענער זאָל זיך כאַפּן: ס׳רעדט צו אים אַ הייבאַם, אַ פּראַקטיקאַנטע: אין מאַכן אַ פּאָר שיך פאַרשטייט ער זיך בעסער, ווי אין די זאַכן.

דעם אַלטן מאַן איז נאָך אַלץ נישט קלאָר:

— נו, ווען, מיינט זי, זאָל ער קומען געוויער ווערן?

— גייט געזונטערהייט, טאַטע. מ׳וועט אייך שוין מרצישם צו וויסן געבן.

גייט ער אַהיים. עס יאָגט אים פון שטוב אַרויס. כאַפּט ער זיך פּאַר נאַכט־צו אין דער „פּראָסטער״ שול אויף אַ מנחה–מעריב. אין דער פרי זעצט ער זיך אויפן בענקל. נעמט עפּעס טאָן. עס פאַלט אים פון די הענט. הייבט ער זיך אויף — פאַלט ער איבערן אָנגעוואָרפענעם שוכוואַרג, קאָפּיטעס, שטיקלעך לעדער, שוסטער־געצייג, צודאַטן, איבערן אייזערנעם פאַטשענגעל. ס׳וואַרשטאַטל איז מיט אַ מאָל קלענער געוואָרן. ענג, טונקל אין פאָדערהויז, אין שטוב — איין שטוב. זעקס קינדער האָט ער דאָ אויסגעהאָדעוועט. צוויי בענקלעך אין קליינעם פאָדערהויז. אויף איינעם — ער. אויפן צווייטן — משה. אַז זיין ווייב, טעמע, עליה השלום, האָט געלעבט — איז אַרט געווען פאַר אַלע, אויך פאַר משהן.

## ב

די לעצטע צוויי מעת–לעת זינט מלכה גייט צו קינד — האָט אויך ס׳העמערל אויפגעהערט פּאַלגן. עס טרעפט נישט צום פלעקל. ס׳פלעקל, וואָס ער ציט פון מויל אַרויס — טרעפט נישט צום לעכל פון דער פאָדעשווע. די אָל ברעכט זיך און די דראַטווע רייסט זיך איבער. די קאַפּעטע וויל נישט אַרויס פון שוך. ביים רייסן אַ נאַסעק גליטשט זיך די צוואַנג אַרויס פון

די הענט. אַריבער פערציק יאָר זיצט ער דאָ אויפן בענקל. צוויי מלחמות איבערגעלעבט. מען רעדט שוין פון אַ דריטער. ס׳קאַכט זיך אין דרויסן. און ביי אים אינעווייניק? — עס פאַלט פון די הענט — זיינע פאַכמענישע הענט. אַלע פאַסענער, אַלע סאָרטן אויסגעאַרבעט: יוכטענע שטיוול; שיך פון האַמבורגער לעדער; אַפּיצערסקע שטיוועלעך מיט הויכע סאַזעוואַניעס, שפּיציקע נאָסקעס און לעדערנע פּאַדקלעיקעס. געמזענע לאַטשן. לאַקער־קעס מיט זאַמש געפּוצט.

זינט משה האָט זיך אַוועקגעזעצט אויפן צווייטן בענקעלע — קעגן אים — האָט מען אין גאַנצן אויפגעהערט לייגן לאַטעס אויף שיך, שטיקעווען זוילן, אויסגלייכן קנאַפּל. מען פּלעקלט נישט. אויף נייע אַרבעט איז מען אַריבער. ניי־מאַשינען און צערע־מאַשינען.

נאָך דער חתונה איז משה געוואָרן „פאַר זיך״. אַן אייגענער וואַרשטאַט אויפן רינעק — אַ לענגלעכער האַלבער רונד געוועלבן פון לעדער און שוכוואַרג.

אַז משה פאַרטיקט אויס אַ פּאָרל לאַקערקעס — שטעלט ער זיך אַוועק שפּיגלען אין זיי.

די ערשטע צוויי, דריי יאָר נאָך דער חתונה האָט מען געוואַרט. געשוויגן.

די גאַס האָט געמורמלט... משה און מלכה האָבן געענטפערט מיט אַ שמייכעלע:

— אם ירצה השם.

נאָך דעם זענען זיי ביידע געפאָרן קיין לובלין צו אַ גרויסן פּראָפעסאָר. ס׳האָט געהייסן: משה פאָרט אָנקוקן אַ נייע צערע־מאַשין, מלכהלע פאָרט מיט. אַהיימגעקומען מיט פלעשעלעך, פּראָשקעס, פאַפּירלעך מיט לאַטייני־שער שריפט און גלייך אַוועק צו פרושאַנסקין דעם אַפּטייקער. אַלע זאַכן האָבן קיין האַפט נישט געהאַט. סיי ווי — די שטאָט האָט גערעדט:

— מלכהלע דאָקטערט זיך.

איז מלכהלע מיט משהן געגאַנגען צום היגן אָקושער־דאָקטאָר — דאָק־טאָר שאָר — אַ זון פון אַ געשמדטן דאָקטאָר. וועגן זיין טאַטן האָט מען דערציילט אַזאַ מעשה:

אַ יינגל פון אַ יאָר זעכצן. אַ גימנאַזיסט. ער וויל זיך ווייטער לערנען.

פֿאַר אַ ייִד איז אָבער שװער אַנצוקומען אין אוניװערסיטעט. איז ער אַװעק פֿרעגן דעם רבֿ אַ קשיא:

— צי מעג ער זיך שמדן.

— שמדן? — האָט דער רבֿ אים אַנגעקוקט פֿאַרװוּנדערט.

— סתם. װאָס פֿאַר אַ באַדייט האָט דען דאָס ביסל טױף־װאַסער, װאָס דער גלח שפּריצט אַרױף?

— מײַן ליבער בחור — זאָל אים דער רבֿ האָבן געענטפֿערט מיט אַ שאלה — אין חדר האָסטו געלערנט? „ויהיה זרעך כעפר הארץ" געדענקסטו? איצט שטעל זיך פֿאַר װאָס עס װערט װען אויף שטױב גיסט מען אַרױף װאַסער... בלאָטע...

אַ פּנים, אַז דאָס ייִנגל האָט דעם רבֿ נישט געפֿאָלגט, אַזיסט — װאָלט די שטאָט היינט נישט געהאַט קיין אָקושער־דאָקטאָר.

אַ גױיִשער דאָקטאָר מיט אַ ייִדיש האַרץ. מחמת עס זאָגט זיך אַ װערטל: „אַ האַרץ קאָן מען נישט טױפֿן: אַ האַרץ קאָן מען נישט קױפֿן".

אַזױ פֿירט ער זיך, דער דאָקטאָר. רעדט נישט פֿון קיין געלט. װען מען רופֿט אים — קומט ער. באַטראַכט דעם חולה, די קימפּעטאָרין, טוט, װאָס מען באַדאַרף, נעמט דאָס רעצעפּל און גייט. ערשט, אַז מען לױפֿט אים נאָך, מען בעט זיך ביי אים און מען שטופּט אַ מטבע אין האַנט אַרײַן — נעמט ער. זאָגט „דזשענקויען" און גייט װײַטער.

אויך דאָקטאָר שאַר האָט קיין גרױסע האָפֿענונג נישט געגעבן.

משה איז אַרײַן צום היגן רבֿ ר׳ פּנחסל: אַ נידעריק־דריבנע ייִדל מיט אַ לאַנגער, געלער באָרד. אױסגעהערט, האָט דער רבֿ אַ קרעכץ געטאָן און עפּעס געמורמלט, װי צו זיך אַלײן;

„וכוח אין ללידה. וכות אין ללידה".

— װאָס זאָגט דער רבֿ? — האָט משה געפֿרעגט.

— עך — האָט ער אַ מאַך געטאָן מיט דער קלײנער, װײַסער האַנט, אַ שטײַגער מען װיל אָפּיאָגן אַ פֿליג — עך, דערמאָנט זיך אין אַ נאַרישער דאַכטעניש פֿון חזקיהו המלך. נו, נו, השם יתברך װעט העלפֿן: דײַן זיידע — גאָר אַ לײטישן זיידן ס׳טו געהאַט — דײַן טאַטע, עליהם השלום, װעלן זיך מיִען...

זיין טאַטע — אַ דרדקער. משה איז נישט קיין גרויסער למדן. דאָס, וואָס ער האָט געלערנט אין חדר — האָט ער שוין פון לאַנג פאַרגעסן.

עס פלאָנטערן זיך אים נאָך אין זכרון מעשיות, וואָס דער זיידע האָט אים דערציילט וועגן גלגול נשמות: טרעפט מען אַמאָל אַ ניצוץ־אור אין אַ בעל־חי — קאָן עס זיין אַ פאַרבלאָנדזשעטע, פאַרזינדיקטע נשמה פון אַ מענטש. אַ נשמה פון אַ מענטש קאָן אַ מאָל אַריין אין אַ הונט, אַ קאַץ, אין פאַרש״יידענע בריאים, אפילו אין אַ ווינטמיל.

ווי נאָר די נשמה פאַרלאָזט דעם גוף, האָט זי נישט קיין מנוחה מחמת איר טבע איז, ווי ס׳שטייט געשריבן, „דבר הסובב סובב הולך הרוח״.

זיין זיידע — האָט אים דער טאַטע דערציילט — האָט געהאַט היתר שחיטה און געוואָרן איז ער גאָר — אַ בעל־תפילה. פאַר וואָס נישט קיין שוחט? דערויף האָט דער זיידע געענטפערט מיט אַ מעשה שהיה:

ער איז געקומען אין שעכטהויז מיט אַ גוט־אָנגעשאַרפטן חלף, מוכן ומזומן צום ערשטן מאָל נעמען זיך צו דער מלאכה. אַלץ איז גרייט. ער נעמט אַרויס דעם חלף פון ש׳יידל און דערנענטערט זיך צו דער קו. מיט אַ מאָל האָט די קו, אַ צוגעבונדענע מיט שטריק צו אייזערנע רינגען פאַר־שטעקטע אין דער צעמענט־פאָדלאָגע, אויפגעהויבן דעם קאָפּ און געוואָרפן אַזאַ טרויעריקן, מענטשלעכן בליק אויף אים, אַזש ס׳איז אים פאַרגאַנגען אונטערן האַרץ. ווען די קו קאָן רעדן — האָט ער געטראַכט אין די רגעס — וואָלט זי אַוודאי געפרעגט;

— פאַר וואָס קומט מיר צו שעכטן?

דער זיידע האָט צוריק פאַרמאַכט דעם חלף, אים אַריינגעלייגט אין ש׳יידל און פון דעמאָלט — אויס שוחט.

משה קאָן ביז היינט צו טאָג נישט קוקן אויף אַ געשאָכטן עוף — אַ ירושה פון זיידן. ווען זיין משהס, גאָטזעליקע מאַמע וואָלט נישט אַזוי יונג פון דער וועלט אַוועק, וואָלט זיין טועכץ אוודאי נישט געווען שוסטעריי.

אין קימפעט מיט אים איז זי געשטאָרבן. מיט קלעשטשעס האָט מען אים אַפּגענומען. אַ גרויסער וולד מיט אַ גרויס קעפּל. אַכט טעג איז זי געגאַנגען צו קינד. מען האָט געהאַלטן אין איין לייגן הייסע קאָמפּרעסן. אַ גרויסע גולע איז אַרויס אויפן קעפּל, שווער געמאַכט ס׳האָבן. משה האָט

מען אים אַ נאָמען געגעבן נאָך זײַן מאַמען — מאַשע.

זײַן טאַטע יחיאלקע איז פֿרי אַן אַלמן געװאָרן. ניִשט געװען װער ס'זאָל אָפּקאָכן אַ לעפֿל געקעכטס, אױסװאַשן אַ העמד.

האָט זיך געמאַכט, אַז די קינדער האָבן געענדיקט דעם „זמן" און קײן אַנדערע זענען ניִשט געקומען — פֿלעגט ער, דער דרדקי, גײן אױפֿן דאָרף אױפֿקױפֿן אַ האָן, אַ שאָק אײער, אַ קעזל. אַ מאָל אױך מיטן בלױ, נאָכן אָפּכאַפּן אַ קאַפּיטל תהילים, אַרױס אױפֿן װעג, װאָס פֿירט פֿון דאָרף אין שטאָט אַרײַן, װו ס'דרײען זיך הענדלער, מעקלער, מוכר־תבואהניקעס — אױסטאָפּן עפּעס אין אַ פֿױעריש װעגעלע.

משה האָט זיך געכאָװעט בײַ דער באָבען.

אַ יונגער אַלמן, יחיאלקע, האָט שטאָט — נאָכן ערשטן יאָרצײַט פֿון זײַן מאַמען — אָנגעהױבן זוכן אַ שידוך: אַ װײַטע קרובה — אַן אַלמנה, אַ יונגע בתולה — אַ יתומה. יחיאלקע האָט דערפֿון ניִשט געװאָלט הערן און געדענקען.

נאָכן אָפּפּאַרטיקן זיך מיט די עניני־חול, האָט ער ימים ולילות עוסק געװען אין תורה. אַז ס'האָט שױן גאָר שלעכט געהאַלטן מיט פּרנסה — איז אַ געדונגענער תהילים־זאָגער בײַם בעט פֿון אַ גוסס, אָדער אַ צענטער צו אַ מנין אין די שבעה־טעג נאָך אַ נפֿטר — אױך דברי־תורה.

אײן מאָל אין יאָר, שבועות, צו „מכּל הנערים", פֿלעגט אים דער טאַטע מיטנעמען צו ר' פּנחסלען. האָט אים װער פּאַרטשעפּעט מיט אַ פֿראַגע:

— אַ טאַטן אַ מלמד, אַ זײדן — אַ שוחט, אַ בעל־תפֿילה און דו... גאָר...

ענטפֿערט משה:

— פֿרומקײט איז ניִשט קײן ירושה־זאַך.

— אָבער ס'עפּעלע פֿאַלט דאָך ניִשט װײַט פֿון בײמעלע...

— מ'קאָן זײַן אַ פֿרײַער מענטש און האָבן גאָט אין האַרצן. די גאַנצע װעלט איז גאָט. יעדער מענטש איז אַ חלק פֿון אים.

דאָס גלײַכן, טאָמער האַלט מען מלכהן פֿאַר:

— כּשרות, אין בלױזן קאָפּ, מקװה.

בלײַבט זי ניִשט הינטערשטעליק:

— מײַן מאַמע האָט געזאָגט: „בעסער גוט אײדער פֿרום".

ביי ר' פנחסלען אין שטיבל דאַוונט אויך דער בעדער — לייזער־וואָלף. אַן אַלטיטשקער, קוים וואָס ער גייט. „ער מעג שוין טרינקען פינף און ניינציקער" — ווילט מען זיך און מען ווונטשט אים אריכת ימים.

משה געדענקט דעם אַלטן בעדער. אַ קליין ייִנגל, איז ער אַלע פרייטיק געגאַנגען מיטן טאַטן — אַכט וויאָרסט אַהין און צוריק — אין באָד אַריין. פאַזע דער באָד ציט זיך אַ לאַנגער קאַנאַל באַוואָקסן מיט הויכע, ווילדע גראָזן, קאָרנבלימלעך. פון דער אַנדערער זייט קאַנאַל — אַ גרינע לאָנקע. אַ שמאָל טייכעלע שניידט זיך אין מיטן דער לאָנקע.

אַרויס פון דער פאַרעדיקער באָד, האָט מען פאַרן אַהיימגיין זיך געזעצט אַפּטריקענען. מיט נאַקעטע הינטנס איז מען געזעסן אויפן גראָז. אויף די פּלייצעס, נאַקנס — פאַרוואָרפן העמדער, האַנטעכער, כאַלאַטלעך. צעפּאַרעטע לייבער, פאַררייטלטע פּנימער. סאָפּלעס רינען פון די בערד, פּיאות, ברעמען, פון די נאַסע קעפּ אונטער יאַרמלקעס, קאַשקעטן, קאַפּעליושן.

ג

צו גדליהס שוסטער־וואַרשטאַט פירט אַ גריביק־לעכערדיקער שאָסיי. פון ביידע זייטן שאָסיי — ליידיקע פּלעצער מיט אַנגעוואָרפענער פּסולת: ווילדע ביימלעך; קראָפּעווע; אַ שמאָלע האָלץ־קלאָטקע, אַ זייטיק הייפּל מיט אַן אָפּטריט, ווו „אַלע גייען".

רעכטס און לינקס פון די מיסטפּלעצער — רינשטאָקן. שמאָלע געסלעך. אַלטע, איינשטאָקיקע הייזקעס, האָלץ־באַראַקן. פון אַ סך פענצטער — נידעריקע איבער דער ערד — סטאַרטשען רערן פון אייזערנע אייוועלעך. אַ גאַנץ יאָר, ס'רוב אין די ווינטער־חדשים, שיסן די בלעכענע לופּעס מיט רויך און קאָפּעטש.

דער שניי, וואָס פאַלט דאָ ווינטער פאַרלירט מיטן פאַלן אויף דער ערד דעם בלוילעך־ווייסן גלאַנץ, זיין ערשטע, פרישע שיינקייט. די פּוכיקע מראה ווערט מאַט, איינגעפאַלן, ווי ס'פּנים פון אַ שווינדזיכטיק־קראַנקן. דער שניי איז דאָ געפּלעקט מיט גרויסע רעדער פון אַרויסגעכליאָפּעטע שיסלען פּאָמיִעס. גרויסע און קליינע פלעקן, לאַטעס מיט שפּיצן און שפּריצן, ווי ריזיקע, פאַרטראַטענע שפּינען. שוואַרצע און גראָע וואָראַנעס לאָזן זיך

אַראָפּ מיט אַ וויסט קראָקערײַ: שפּרינגען פון לאַטע צו לאַטע, לאָזן טיפע צייכנס פון האָפּסלדיקע פּיסלעך. גייט מען פון די דערבייזיקע גאָסן פאָרביי — ס׳רוב קריסטן — פאַרקרימט מען די נעז:

— ברודנאַ. שמיערדזשי.

מיטן ערשטן מאָל אַריינקומען צו גדליה שוסטער אין שטוב האָט משה נושא־חן געוועזן סיי ביי מלכהלען, סיי ביי איר טאַטן. אַן עלטער בחורל. פּלאָגט זיך ביי כּל־מיני מלאכות; אַ שיק־יינגל אין אַ קוילן־סקלאַד. אַ פּריקאַשטשיק אין אַ שניט־קראָם. אַ שניידער־געזעלן. אין אַ פאַרבן־געשעפט — מיט עסן און שלאָפן. ערשט דאָ אין שטוב, ביי גדליהן, האָט ער זיך אויסגעלערנט אַ פאַך.

מלכהלע איז די עלטסטע אין שטוב. וואַשט. קאָכט. רוימט. פאַרלאַטעט אַ העמד, אַ זאָק. „בעסער אַ שיינע לאַטע איידער אַ מיאוס לאָך" — האָט איר מאַמע, עליה השלום, געזאָגט. אירע מסוגלדיקע הענט האָבן אויך „פון זיך אַליין", אויסגעלערנט צושניידן אַ פאַלע צו אַ ספּודניצע, אויפנייען אַ קליידל. מלכהלע האָט געחלומט ווערן אַ סלאַוונע שניידערין. געהערן צום פאַרראיין פון די נייטאָרינס.

איטלעכן שבת־צונאַכטס, אַמאָל אויך אין אַ וואָכנטאָג, אָוונט־צו — האָט זי געהערט — קומט מען זיך צונויף ביי מענדל קאָזשל אין שטוב. מענדל קאָזשל און שמולקע — צוויי ברידער דראָזשקאַרעס מיט צוויי שוועגערינס. ווי־זאָ־ווי וווינען זיי, נישט ווייט פון דער לאַנקע, אין באָד־געסל. ביידע שוועגערינס אַרבעטן ביי קאָנפעקציע. חברטעס אין נאָדל־פאַראיין.

צוויי גרויסע, געראַמע שטובן. מען זינגט דאָרט אַרבעטער־לידער. מען שטעלט אויפן טיש הייסע קאַרטאָפל אין די מענטאַלעך. מען באַגיסט מיט געלן אייל. מען צעשניידט אַ הערינג און מ׳לאָזט זיך וווילגיין.

אַ פריילעכע חברה.

משה איז דער זיבעטער אין שטוב. אַ גאַנצן טאָג — אויפן שוסטער־בענקעלע. אין די אָוונטן, אין די שבתים — אַ גאַסט.

מלכהלע איז תמיד פאַרפאַרעט. לופטערט ס׳בעטגעוואַנט. ווישט אָפּ דעם שטויב פון שאַנק. לייגט אַ צעראַטע אויפן טיש.

נישט איין מאָל איז זי פאַרבייגעגאַנגען נאָענט פון משהן מיט אַ געשאָבן מייערל, מיט אַ שטויס געפעסן.

משה זעט אַלץ. קוקט און שווייגט. גראָד דאָס שווייגן מאַכט איר מבולבל.

אין די שבתים קומט ער אַן אויסגעפוצטער, אַן אָפּראַזירטער, אין אַן אַנצוג. אַ וועסטל. אַ ווייס־געמאַנגלעוועט העמד. קאָלנער־בינדע. דער טאַטע דרימלט אויף דער אַלטער קאַזעטקע. ס׳יידישע היטעלע, וואָס ער טראָגט אום שבת — איבער די אויגן. די קינדער שפּילן זיך אין דרויסן. פון משהס שוואַרצע, געדיכטע האָר געשווירן אויף אַ „מישקע" טראָגט זיך אַ ריח פון אָדעקאָלאָן. ער שמייכלט. אין שטוב אַריין שמייכלט ער. קוקט אויף די ווענט, ווי ער וואָלט זיי צום ערשטן מאָל געזען. רעדט. צו די ווענט רעדט ער און מיינט — איר. זי הערט זיינע רייד פון איבער דער פּלייצע. זי פילט זיינע בליקן אויף איר נאַקן. זי קוקט אַוועק, מלכהלע, און זעט אים. ער דרייט זיך אויף דער שטול, משה — אַ בן־בית. העכער איז ער, ווי אַלע טעג פון דער וואָך. אַן אויסגעגלייכטער, אַן אויסגעפּרייגטער זיצט ער שבת אויף דער שטול. נישט דער זעלבער משה, וואָס אויפן שוסטער־בענקעלע. אויך זיין קול איז העכער, דרייסטער — אַ באַסאָווע שטימע פון אַ מאַן:

— מלכהלע?

— וואָסי, משה?

— ביסט בייז אויף מיר?

— פאַר וואָס זאָל איך בייז זיין?

— כ׳זע דו קוקסט אַוועק.

מלכהלע ענטפערט נישט. זי שרעקט זיך פאַר זיין קול. עס ציטערט אין איר עפּעס אויף. עס גיט אַ זאָץ, ווי קאַלטע טראָפּנס וואַסער אויף אַ הייסער פייערקע.

— אַ גלעזל טיי אפשר, משה?

— אַ דאַנק, מלכהלע. זעץ זיך צו ט׳מען אַ ביסל רעדן.

זי האָט זיך צוגעזעצט. איין מאָל. נאָך אַ מאָל. מען האָט זיי אפּט געטראָפן שפּאַצירן אין זאַקסישן גאָרטן. האָט מען שוין געוווּסט:

— ס׳האַלט פאַר „אַ װאָרט״.

ביידע מחותנים האָבן זיך געטראָפן. גדליה האָט געזאָגט:

— די קינדער געפעלן זיך.

יחיאלקע, משה׳ס טאַטע, האָט געשוויגן. געביסן אַ האָר פון גראָען, שיטערן בערדל און צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ אויף יאָ. נאָך דעם — צוגע־באַמבלט:

— ס׳שטייט דאָך בפירוש געשריבן: איידער דער מענטש ווערט גע־בוירן איז מען מכריז בשמים: בת פלוני לבן פלוני.

האָט מען געמאַכט אַ „װאָרט״ און געשטעלט אַ חופּה.



צו די ברידער מענדל קאַזשל און שמולקע אין שטוב זענען משה און מלכה נישט געגאַנגען. שבת נאָך מיטאָג, אַ מאָל אין אַ יום־טוב־טאָג האָבן זיי פון דעסטוועגן ליב געהאַט מאַכן אַ שפּאַציר צו דער לאַנקע. דאָס באַד־געסל איז כּמעט נישט באַוווינט. אַ שמאָלע, איינגעטראָטענע ס׳טעזשקע פירט צו דער לאַנקע. דאָס באַד פּוסטעוועט. פענצטער–טירן — פאַרקלאַפּט מיט ברעטער. מ׳שמועסט, אַז אַ ליאַדע טאָג וועט דאָס הויז אַראָפּגענומען ווערן.

דער קאַנאַל איז פאַרוואַקסן פון ביידע זייטן מיט הויכע, שמעקעדיקע גראָזן. משה געדענקט דעם קאַנאַל פון יינגלווייז בשעת ער איז געגאַנגען מיטן טאַטן אין באָד אַריין: דעם גרינעם שפּריי פון דער לאַנקע; די רויטע מאַנבלימעלעך; ס׳שטילע פליעסקען פון לויפנדיקן טייכעלע, וואָס יאָגט ערגעץ ווייט, ווייט נישט מיטן אויג צו דערגרייכן; ס׳פאַלט אַריין — זאָגט מען — אין „סאַן״, וואָס ציט ביזן „בוג״.

אין די זומער–פאַרנאַכטן קומען אַהער יינגלעך און מיידלעך זיך באָדן. אַ סך נעמען מיט זיך קאָלדרעס, דעקעס וואָס מען שפּרייט־אויס אונטער די צוויי אַלטע ליפּעס צוקאָפּנס פון טייכל. מען לייגט זיך צו. מען לייענט אַ בוך. מען דערציילט איבער די נייעס פון טאָג, פון דער וואָך. ס׳טרעפט אויך, אַז ס׳דערגייט צו הייסע וויכוחים, דיסקוסיעס, אַמפּערנישן:

— ביראָבידזשאַן — ארץ־ישראל;

— פאַר און קעגן עמיגראַציע;

— נאַציאָנאַלע היים, צי — סאָציאַלע רעוואָלוציע?

מען רעדט וועגן באָגדאַנאָווס „פּאָליטישע עקאָנאָמיע", „היסטאָרישער מאַטעריאַליזם" פון פּלעכאַנאָוו, קאַלאָנטייס „דריי דורות ליבע", לאַוורע־ניעווס „דער איינאָונפּערציקסטער", ניעמילאָווס „די ביאָלאָגישע טראַגעדיע פון דער פרוי".

יונגוואַרג זיצט אין אַ קרייז. אַ מיידל זינגט: „זאָל זיין, אַז מיין שיף וועט צום ברעג נישט דערגיין". רעוואָלוציאָנערע לידער זינגט מען און לידער פון אַרבעט, פון ברויט און פון ליבע.

ס'טרעפט: שבת אין דער פרי פירט איינער פון די ברידער אַרויס צוויי פערד אויף דער פּאַשע. פריִער פירט ער זיי צום טייכל אָנפּאָיען. נאָך דעם פענטעט ער זיי די פאָדערשטע פיס און גייט אַוועק. איילט זיך אין דער „פּראָסטער שול" אַריין צו שחרית. קיין גרויסער דאַוונער איז ער נישט, מענדל קאָזשל. דאָס גלייכן — זיין ברודער שמואלקע. כאַפּט זיך וועד פון זיי אַריין אין שול דרייט ער זיך מיטן טלית אויף די אַקסלען, מאַטלט מיט דער חברה אין פּאָליש. זאָגן, אַז ער פאַרשטייט עפּעס פון די ווערטער אין סידור, וואָס ער האַלט צעעפנט, קוקט אַריין און בעבעט מיט די ליפּן — וואָלט ער געזאָגט אַ ליגן. און אַ טעם פילט ער אין די ווערטער, ווי די סוסים זייערע אין קייען טרוקן שטרוי, סעטשקע. אַפּגעלאָזט די פערד האָט ער הנאה ווארפן הינטערווייליקן אַ בליק, ווי אַזוי זיי נעמען האָפּסלען אויפן גראָז. אויך די פערד, זעט ער, דרייען אויס די קעפּ צו אים. קוקן אים נאָך מיט מענטשלעכן בייגער, ווי זיי וואָלטן וועלן וויסן:

— וווהין גייט אַצינד דער־אָ, וואָס גאַנצע טעג ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין טרייבט ער אונדז איבערן ברוק, וואָס אַ שטייגער גייט ער אַצינד טאָן?

העכער אַ האַלב יאָר, ווי דאָס איבערשפּאַצירן זיך צו דער לאָנקע איז ביי משהן און מלכהן געוואָרן כּמעט אַ רגילות. און נישט נאָר אין די שבתים. אויך אין די וואָכנטעג, אַז משה לייגט אַוועק די אַרבעט, נאָכן כאַפּן אַ דרימל, „פאַרשמעקט" מלכהלען מיט דער הויפּט־גאַס, דורכן זאַקסישן גאָרטן — זיך לאָזן גיין צו דער לאָנקע.

די לעצטע װאָכן איז עס גאָר געװאָרן ביי מלכהלען — אַ מוז־זאַך. און בכלל... אַלע מאָל „שמעקט״ איר אַן עפּעס אַנדערש. אַ גוטן אַפּעטיט באַקומען — װאָס מער זי עסט — מער נאָגט איר ביים האַרץ. זי שפּירט, אַז עפּעס שפּאַרט אין אירע אינגעװײדן. און די בענקשאַפט, די טראַכטעניש, װאָס זי טראָגט קנאַפּע פופצן יאָר אין זיך — איז אַצינד געװאָרן אַ ממשות... אונטער אירע ליפּן באַװעגט זיך עפּעס: שלאָגט מיט פרייד, מיט גליקזעליקייט, װי מעד װאָלט זיך געגאָסן אין אירע גלידער.

שטאַרקער, מיט אַ סך רחמים און גוטסקייט איז אַצינד איר ליבשאַפט צו משהן. זי װיל אים האָבן נענטער, אָפטער לעם זיך. ער קומט איר אַצינד אויס אויך מענלעכער, שענער, קרעפטיקער מער װי אַלע מאָל. זי װיל אים זאָגן די װייבערישע נייעס און װייסט נישט װי אַזוי.

און אפשר װייסט ער שוין. אפשר װיל ער איר זאָגן, פרעגן און װייסט נישט װי אַזוי?

אַז אַ װייבס טראַכט איז פאַרשלאָסן קוקט אַ מאַן אויף איר ברגזלעך־קרום. כאָטש משה איז תמיד גוט צו איר — אַ געטרייער מאַן — דאַכט זיך איר, אַז די לעצטע צייט איז ער גאָר אויפגעלייגט. קוקט מיט אַזוי פיל אויפגעקװאָלענער פרייד איר אין פּנים אַריין. זי קוקט אויף אים און זי שפּירט, װי אַ זיסע פייכטקייט פאַרגיסט אירע אויגן. װיינען פאַר פרייד װיל זי:

— כ׳װייס אַליין נישט... כ׳בין עפּעס נישט אַזוי װי מען באַדאַרף...

— יאָ, מלכהלע: איך מיין אויך אַזוי...

— װאָס מיינסטו, משה?

— כ׳האָב מורא דאָס װאָרט אויף די ליפּן צו ברענגען — האָט ער צוגעלייגט אַ האַנט צום מויל.

מלכה איז געגאַנגען ביי דער זייט פון משהן מיט אַ װיגנדיקן, שװער־לעכן גאַנג און מיט — אַ גרינג האַרץ. זי זעט באַשיימפּערלעך, אַז די גוטע שעה איז געקומען:

— — — און אפשר טאַקע אַ בן־זכר? סגולה־קװיטלעך װעט זי לאָזן צעהענגען אויף טיר און פענצטער, אויפן פאַרהאַנג איבער די בעטן, װוּ זי װעט ליגן און ס׳עופעלע ביי דער בריסט... אַ ברית, אַ פּדיון־הבן, בראָנפן,

לעקעך, שקאַרמיצלעך מיט אַרבעס, צוקערלעך. אַ זיס יאָר...

אַ צעצויגענער פּייף, אַ סאָפּען פון אַ לאָקאָמאָטיוו און אַ האַסטיק רעדער-געררויש פון אַ פאַרבײַיאָגנדיקער באַן האָט זיך דערטראָגן צו זיי. נאָענט מיטן אויג צו דערכאַפּן האָט זיך געשלענגלט די באַן און גיך נעלם געוואָרן הינטערן פעלדער־געשפּריי, פּאַלוואַרקס, פּאָדווירעס, און איינציקע הייזקעס, ווייט ווייט אויסער דער שטאָט.

רויך־קייקעלעך, געדיכטע, צעריסענע, זענען הענגען געבליבן אין דער בלויער לופטיקייט. פון מינוט צו מינוט — שיטערער, בלאַסער, — זיך פאַרלאָרן אין די ווייסע וואָלקנס, ווי שנייבערג, וואָס האָבן באַדעקט דעם הימל.

דער אָפּגעלאָפּענער צוג, די פּלוצימדיקע שטילקייט, ס׳געפּליעסק פון שמאָלן, גלאַנציקן וואַסערל, וואָס האָט ווי אַ מעסער געשניטן דאָס גרין פון דער לאָנקע — האָט געוועקט אַ בענקשאַפט, אַ פאַרבאָרגענע נאָגעניש צו מרחקים, צו גרויסע שטעט: וואַרשע; לובלין; הויכע הייזער, ברייטע גאַסן, רעשיקע רעקלאַמעס אָוונט-ליכטער — ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין. זינט זי לעבט, מלכה, האָט זי די שטאָט נישט פאַרלאָזט. יאָ, איין מאָל ביים פּראָפעסאָר אין לובלין.

— געדענקסט, משה ?

— צי איך געדענק.

— אפשר טאָקע איבערפאָרן זיך צום פּראָפעסאָר, אים אָנזאָגן די בשורה ?

— אָוודאי. פאַר וואָס נישט. אַז די גוטע שעה וועט קומען...

ס׳לעצטע יאָר פּוסטעוועט דאָס באָד-געסל. דורך די ברעטער-שפּאַלטן פון די פאַרהאַקטע פענצטער קוקט דאָס באָד-געסל מיט באַדויער אויפן ליידיקן גרינעם לאָנקע-שפּריי, שטילן טייכעלע און צוויי אַלטע ליפּעס — פאַרבענקטע נאָך פריילעכע לידער, הויכע רייד, אַמפּערנישן.

נישטאָ שוין קיינער פון יונגוואַרג. ס׳רוב, זיך צעפאָרן מעבר לים — קאַטשקעס איבערן וואַסער. געלאָזט אין די היימען די מאַמעס — קוואָקענדיקע הינער.

מענדל קאַזשלס צוויי זין, למשל, זענען פון לאַנג שוין אַוועק מיט אַ

גרופּע שומר־הצעירניקעס קיין ארץ־ישראל.

די קליינע שאַשקע, דער „קוועקזילבער" מיטן קורצן גזשיוקעלע איבער די אויגן, איז גאָר אַריבער אויף „יענער זייט". די העקטאָגראַפישע בלעטלעך וועגן „דניעפּראָסטראָי" און קאָלעקטיוויזאַציע, וואָס זענען אין געהיים איבערגעגאַנגען פון האַנט צו האַנט איז — זאָגט מען — איר אַרבעט געווען. ווען מען גנבעט איר נישט באַצייטנס „אַהין" אַריבער, וואָלט זי אַוודאי אין די תפיסהס דאָ פאַרפאַלן געוואָרן.

אויך קיין וואַרשע איז מען געפאָרן. אַצינד זעט מען זיי צוריק, די היימישע געסט. ווי פייגל פון אַ בוים ערב אַ שטורעם זיך צעפלויגן. פאַר־לאָזט די רעזידענץ — די „מאַמע" פון אַלע פּראָווינצער. דער הונגער, די נויט האָט פאַרטריבן: די מלחמה־נייעס ברענגט צוריק.

מיט אָפענע אַרעמס און באַהאַלטענעם פּחד וואַרטן זיי אָפּ די מאַמעס אויף די שוועלן פון שטובן. דאָס פּנים לאַכט און דאָס האַרץ וויינט.



מלכהלע איז אויף דער צייט. די שכנטעס, ווייבער אין גאָס האָבן ליב נאָכצוקוקן באַוווּנדערן איר ווייבערישע צעשפּילטקייט, איר אויסגערונדיקטן, אויפגעגאַנגענעם בויך. פאַרגינעריש נאָכגעקוקט און גערעדט:

— אַוודאי שוין די זעכסטע צייט.

— בעסער שפּעטער איידער קיין מאָל.

— ביי איר מאַמען, עליה השלום, אין אירע יאָרן האָבן זיך שוין זעקס קינדער געדרייט אין שטוב.

משה און מלכה האָבן נאָך אַ קורצן ישוב הדעת באַשלאָסן פאַרבעטן ס'באָבעלע אין שטוב אַריין. שוין ס'צווייטע מאָל. ס'ערשטע מאָל, ווי נאָר מלכהלע איז אַריין אין די „קליינע וואָכן" — האָט מען איר פאַרבעטן אין וואַרשטאַט אַריין.

אַז ס'באָבעלע האָט מיט אירע קלוגע אייגעלעך אַ מעסט געטאָן מלכה־לען פון אונטן אַרויף און פון אויבן אַראָפּ: געזען איר אויסגעלייטערט פּנים און פייכטן גלאַנץ אין די אויגן — האָט זי תיכף געפּסקנט:

— פאַרגאַנגען אין טראָגן.

פון גרויס פרייד האָבן ביידע — מלכה און משה — קיין וואָרט נישט געקענט אַרויסברענגען. געשוויגן. אָבער דער באָבעלעס קוקעלע האָט גע־רעדט:

— פאַרוואָס דווקא אין וואַרשטאַט אַריין און נישט אין שטוב אַריין ווי עס פירצאַך — האָט זי געוואָלט פרעגן און נישט געפרעגט. משה האָט געזוכט אַן אויסרייד און נישט געפונען. וואָס אַן אמת האָט ער געמיינט: „ער האָט שטיין אַ בראַטשנע פּאָר לאַטשן — אַקוראַט דער באָבעלעס מאָס. ער וויל זי זאָל זיי אָנמעסטן. אין שטוב מעסט מען נישט קיין לאַטשן...״ אַזוי האָט ער געטראַכט, משה.

— נישט קיין נפקא מינה — האָט ס׳באָבעלע איבערגעריסן ס׳שוויי־געניש — אין וואַרשטאַט צי אין שטוב. יאָ... זי איז אַ מבין... זי דאַנקט זיי זייער... און ס׳זאָל זיי נישט פאַרדריסן: זי נעמט נישט קיין אָדערויף... מרצישם, אַז די גוטע שעה וועט קומען, וועט זי איר, מלכהלען, באַהאַנדלען, ווי אַלע יידישע טעכטער. אדרבא...

— אמן סלה — האָבן ביידע גלייך אַרויסגעזאָגט.

ד

פערטער מעת־לעת. ס׳שפּראַצט אויף טאָג. מלכהס געשרייען גייען איבער אין שטילע, לאַנגע קרעכצן:

— מאַאַמעע! משה קרוין, ווו ביסטו!

פון נעכטן אַן זעט מען נישט משהן. די ווייבער אין דרויסן האָבן זיך געבראָכן די קעפּ:

— ווו קאָן ער זיין, משה?

— מ׳האָט אים געזען טראָגן לעכט אין שול אַריין.

— אויפן הייליקן אָרט איז ער. בעט מחילה.

— זיין גאָטזעליקע מאַמע, דערציילט מען, האָט די לעצטע שעהען אין קימפּעט מיט אים געהאַלטן אין איין שרייען:

— נעמט אים צו פון מיינע אויגן, יחיאלן! אַרויס פון שטוב! רוצח, מערדער!

— וואָס איז ער נעבעך שולדיק געווען, דער אָרעמער יחיאלקע? אַן

אַלמן געבליבן ס׳גאַנצע לעבן.

— אויף פּרי אָוועק פון דער וועלט.

אַ יונגע פרוי, קורץ געקלייידט, מיט אַ קיישל אין האַנט איז פאַרביי־געגאַנגען. געהערט די ווייבערישע רייד, האָט זי זיך אַ ווײַלע פאַרהאַלטן. אָוועקגעשטעלט דאָס קיישל. מיט די פינגער פון ביידע הענט אַ קעם געטאָן די צעפלאָשעטע האָר און זיך צעבייזערט :

— וואָס פלאַפּלט איר, משה, משה ? ווו זאָל ער זיין ? וואָס זאָל ער טאָן ? העלפן קרעכצן ?

אין דער שעה איז משה געווען ביי ר׳ פנחסלען. דער רב האָט נישט געקענט צוקוקן דעם צער פון דעם מאַן. ער האָט צוגעטריטלט צו דער ספרים–שאַנק. פאַמעלעכקע פאַרהויבן ס׳פאַרהענגל און אַרויסגענומען פון דאָרט אַ קליין, דין קונטרסל, גענענט צו משהן און עפּעס סודותדיק גע־מורמלט :

— מטטרון... מטטרון...

— וואָס מיינט דער רב ? — האָבן משהס אויגן געפרעגט.

— נעם, גיי געזונטערהייט — האָט ער אים דערלאַנגט דאָס קונטרסל — זאָל מען עס לייגן צוקאָפּנס דער קימפּעטאָרין... השם יתברך וועט העלפן.

צו משהס אָוועקגיין האָט ר׳ פנחסלס קול זיך געשטאַרקט :

— ימים נוראים בקרוב, פאַרגעס נישט, קום אַריין אין די עשרת ימי תשובה אויף אַ קאַפּיטל תהילים.

ערשט אין דרויסן האָט משה געכאַפּט אַ בליק אויפן ספרל. מיט יראה און בייגער און, ווי ער וואָלט אין די רגעס אַ גרויסע עבירה באַגאַנגען — געקוקט אויף די געציקלטע אותיות אויפן טאָוועלע. עס האָט אים אין עפּעס דערמאָנט :

זיין טאַטע, זכרונו לברכה, פלעגט בשעתן לערנען מיט די קינדער מיט ציטערניש אַרויסשעפּטשען אַמאָל דאָס וואָרט : „מטט... מטט...״ דאָס איז אַ הייליקער נאָמען — האָט ער געזאָגט — מען טאָר אים גאַנצערהייט אויף די ליפּן נישט ברענגען.

סוף נאָכט. די פערטע נאָכט.



די צוויי האַלבע פאַרהאַנגען פון וואַנט צו וואַנט זענען צערוקט. אויף דער פּאָדלאָגע וואַלגערן זיך שטיקלעך נאַסע וואַטע, גאַזע. אויף אַ בענקל לעם בעט — צעשאָטענער פּודער אויף אַ סערוועטקע. פלעשעלעך פליסי־קייטן. יאָד. וואַזאַלין, אָפענע פּודעלעך שמירעכצער, סלאָיִקלעך. אַ ריח פון וואַלעריאַן, קאַנפער־אויל, ספּירט, פון הייסע קאָמפּרעסן, פון שוייס און פון אַ נאַכט־כלי אונטערן בעט. אַ שטיקנדיקע דעמפּיקייט שלאָגט פון אָפּגע־צוימטן, האַלבן חדר — אַ באַלויכטענער פון מאַגערע פלעמלעך פון אַ נאַפט־לאָמפּ און קאַרגער מאַרגנשיין, וואָס זיפּט זיך קוים קוים דורך דורכן איינ־ציקן פענצטער.

אָפּטער, שטאַרקער זענען די קרעכצן פון דער קימפּעטאָרין. זיי פאַרגייען זיך אין לאַנגע, צעצויגענע ווייען. זי ליגט אין דער ברייט פוןביידע בעטן. די אונטערשטע העלפט בויך איז איבערגעדעקט מיט אַ ליילעך, וואָס האַלט זיך אויף צוויי פאַרהויבענע, צענומענע קני — אַ מין „אוהל״. דער באָבעלעס קאָפּ איז אין „אוהל״. די הענט — גיך און פלינק — זענען פאַרפּאַרעט מיט טונקען און דרענגען נאַסע שמאַטקעס, האַנטעכער איבער אַ גרויסער שיסל וואַסער. אויפן בעט, לעם דער קימפּעטאָרין ליגט אַ וואַלעק — איינגעדרייט פון אַ קאָלדרע. אַ ווייבעריש, געניט אויג האָט אַוודאי זיך געכאַפּט אויף דער באָבעלעס פאָרטל: אַ רגילות ביי איר אונטערלייגן אַ ווייכן וואַלעק אונטער די קריזשעס פון דער קימפּעטאָרין, כדי אונטערצוכאַפּן די געבורט־ווייען.

איטלעכס מאָל זעט מען איר מיט אַ צעפלאַמט פּנים אַרויס און אַריין פון אונטער די פאַרהאַנגען. אַ כּוח פון אַ געזונטן מאַנצביל איז פאַרבאָרגן אין דעם קליינעם, יוסטן געשטעל אויף צוויי רירעוודיקע פיסלעך.

עס שאַריעט אויף טאָג.

דורך דער האַלב־אָפענער טיר פון פאָדערשטוב ווייזט זיך איטלעכס מאָל אַ ווייבערישער קאָפּ, ס׳רוב — שכנטעס. קומען שטיל און שאַרן זיך צוריק אַרויס מיט פאַרקרימטע פּנימער מיט פאַרבראָכענע הענט, מיט אַן אויגן־פאַרגלייצעניש און פאַרזשמורעטע מיילער:

— גרויס רחמים דאַרף זי נעבעך.

— אפשר אַ דאָקטאָר?

מען איז געלאָפן רופן דאָקטאָר שאָר.

מיט אַ שוואַרץ רענצל אין האַנט איז אָנגעקומען דאָקטאָר שאָר. אַראָפּ פון דער דראָזשקע און אַריין אינעווייניק. ער האָט אַלעמען געהייסן אַרויס־גיין פון שטוב. ס׳באָבעלע איז געבליבן זיצן אויף אַ שפּיץ שטול.

קעגן דעם הויכן מאַן מיט לאַנגע הענט און ענערגיש פּנים האָט ס׳באָ־בעלע, אַן איינגעקורטשעטע מיט אַ פאַרקלעמט געזיכט אויסגעזען עלטער און קלענער. זי האָט געהאַט אַ מראה פון אַ קליין איבערגעוואַקסן קינד. אַ מיידעלע, וואָס האָט זיך מיט עפּעס פאַרשולדיקט פאַרן טאַטן. אירע קורצע הענטלעך פון אונטער די פאַרקאַטשעטע אַרבל האָבן זיך נישט געהאַט ווו אַהינצוטאָן. זי פאַרמאַכט זיי און צעעפנט. לייגט זיי אויף די קני און נעמט זיי ווידער צוזאַמען, פאַרהייבט זיי צום האַרשייטל אונטערן ווייסן טשופּיק, גיט זיך אַלע מאָל אַ קראַץ, אַ שטורק אין האַרשייטל, ווי עפּעס וואָלט איר דאָרט געביסן:

— ס׳וואָסער איז אַראָפּ ? —

— יאָ, הער דאָקטאָר.

— ווען ?

— נעכטן ביי נאַכט.

— אויפן דריטן טאָג, הייסט עס. אויפקאָכן וואָסער ! — האָט ער באַ־פוילן. זיין שטרענג פּנים, ס׳ווייסע פאַרטעך אויף אים, די גיכע תנועות פון זיינע לאַנגע הענט — האָבן ס׳באָבעלע געשטעלט אויף די פיס. אַן אויפגעהייטערטע, וואָס דער דאָקטאָר באַוויליקט מיט איר זיך צו באַהעלפן — איז זי נאָך רירעוודיקער געוואָרן. געהאַרכזאַם אויסגעפירט אַלע זיינע באַפעלן.

ביזן טאָג אַריין האָבן זיך דאָקטאָר שאָר און די אַקושערין געפּאָרעט אַרום דער קימפּעטאָרין. ס׳שווייגעניש פוןביידע איז פון מאָל צו מאָל איבערגעריסן געוואָרן פון קורצע, אָפּגעהאַקטע ווערטער, וואָס דער דאָקטאָר האָט געלאָזט פאַלן:

„צו שפּעט. צו שפּעט. הייסע קאָמפּרעסן... הייסע קאָמפּרעסן האָבן דערשטיקט דאָס קינד״.

אין דרויסן האָבן זיך געזאַמלט מענטשן, ס׳רוב — ווייבער. ווי אַן

אַנגעצויגענע סטרונע איז די לופט, נאָר צום פּלאַצן. וואָרעם קיין געשריי־ען האָט מען נישט געהערט.

דאָס באָבעלע האָט מען נישט געזען.

— איין גאָט ווייסט, וואָס דאָרט טוט זיך, — האָט איינע אַרויסגעזיפּצט.

ערשט, אַז דאָס באָבעלע איז אַרויס מיט אַ צערייטלט פּנים און אַ פּאַטש געטאָן מיט די קליינע הענטלעך — שאַ! — האָבן אַלע פרייער אָפּגע־אָטעמט:

— וואָס האָט זי געבוירן?

— געלויבט השם יתברך — האָט זי געענטפערט.

— אַ יינגל? אַ מיידל?

— זי איז ניי־געבוירן, מלכהלע.

— און ס'קינד?

— מיט קלעשטשעס אָפּגענומען.

האָט מען שוין פאַרשטאַנען. מער גאָרנישט געפרעגט.

— אַ טויט קינד. אַ טויט קינד — האָט זיך געהערט עמעצנס אַ שטים.

מען האָט אָפּגעדרייט די קעפּ אין אַ זייט און אויסגעשפּיגן:

— טפו, טפו, טפו. אויף אַלע יידישע שונאים.

— נישט פאַר קיין שום יידישע שטוב געדאַכט.

— מיט קלעשטשעס? — האָט זיך אָנגערופן אַן אַלטיטשקע. אַ לאַנג־יאָריקע שכנטע. זי געדענקט משהן, אַ בחורל, אַ פריקאַשטשיק. געקענט זיין מאַמען, אַ גן־עדן אויף איר. אויך אים, משהן, האָט זי געהערט דער־ציילן, האָט מען אָפּגענומען מיט קלעשטשעס. זיין מאַמע האָט באַצאָלט דער פאַר מיטן לעבן.

— נו, געלויבט צו גאָט, וואָס מלכהלע לעבט.

— אַז דער קרן איז דאָ וועט אויך זיין פּראָצענט.

— נו, נו, נו: ערשט נעכטן פון אונטער דער חופה אַפּויער...

אַ דראָשקע איז אָנגעקומען — מענדל קאַזשל. דער דאָקטאָר מיטן שוואַרצן רענצל אין האַנט איז אַרויס. שטום און שטייף, מיט אַ בלייך פּנים, איז ער מיט גיכע טריט אַריין הינטער דער פאַרהויבענער בויד. שווער זיך אַראָפּגעזעצט, אַזש די דראָשקע האָט זיך אַ טרייסל געטאָן.

אויך מענדל קאַזשלס פּנים איז נישט מיט אַלעמען. בײַז, פאַרשלאָפן קוקט עס אַרויס פון שטײַענדיקן קאָלנער פון דראַזשקאַרסקן שינעל מיט מעשענע קנעפּ און שטײַפן, הויכן היטל, קײַלעכדיקער דענקע און גלאַנציקן דאַשעק פאַררוקט איבער די אויגן. ער גיט אַ צי אַ צי די לײַצעס. אַ צי און אַ װאָקל פאַרויס. אײדער די דראַשקע האָט פון אָרט גערירט, האָט פון דער קעלניע אַראָפּ זײַן הײזעריק קול זיך אַ קוילער געטאָן:

— עך, טאַטע זיסער אין הימל! אַ בעריש טובה ס׳טו געטאָן דער שײנער מלכהלע: אַזוי פיל יאָרן געהאַלטן שטײף די לײַצעס... און מיט אַ מאָל נאָכגעלאָזט... װאָס? אַ טויט נפשל. און װען? אַקוראַט אַצינדערט־אָ...

העכער פונעם אײַזערנעם רעדער־געריש איבערן ברוקירטן שאָסײ, הילכיקער פון קלאַפּן פון די פערדישע קאָפּיטעס — האָט זיך ס׳באַלעגאָלישע קול געטראָגן אין קאַלטן, גרויען טאָג אַרײַן:

ערשטער טאָג מלחמה. דײַטשיש מיליטער איז אַריבער די פּוילישע גרענעץ. דײַטשישע מעסערשמידן שנײַדן דעם גרויען, פּוילישן הימל. אַ מוראדיק שרײַען פון סירענעס. באָמבאַרדירונגען. שטאַרקע בומען אויף דער באַן־גאַס. פאַרװונדעטע. געהרגעטע. שריפות. מ׳דאַרף לעשן ס׳פײַער. ראַ־טעװען פאַרװונדעטע. באַגראָבן געהרגעטע. מען כאַפּט צו דער אַרבעט. די ערשטע כאַפּט מען — ייִדן. די, װאָס לויפן זיך ראַטעװען הינטער דער שטאָט — פאַרהאַלט מען אויפן װעג. אויף די פעלדער־סטעזשקעס צו די נאָענטע דערפער האָבן זיך די איבערגעשראָקענע פּויערים גענומען טשעפּען צו ייִדן.



אין אײן הויז מיט קלײנע פענצטערלעך און פאַרנעפּלטע שויבן־אויגן אונטער שמאָלינקע, בלעכענע דעכלעך, װי אַראָפּגעלאָזטע ברעמען — איז אַצינד שטיל. אַ טונקעלע ליכטיקײט שלאָגט פון דאָרטן אַרויס. אַ גאָרן טרעפּ און אַ פינצטער פּאָדערהויז פירן צו דער טיר, װאָס האָט פיר טעג און פיר נעכט זיך נישט פאַרמאַכט. דער אַלטער מאַן, מלכהלעס טאַטע, משה און ס׳באַבעלע זיצן מיטן אַראָפּגעלאָזטע קעפּ. מען קוקט זיך איבער מיט פאַרשעמטע בליקן, גלײך זײ זענען עס די הויפּט־שולדיקע אינעם אומ־

גליק. אויך אין אַנדערן האַלבן חדר פון וואַנען די ווײַ־געשרייען האָבן זיך געטראָגן — איז שטיל. די קימפעטאָרין שלאָפט. ס'צעפּיינטע שמייכעלע אויפן פאַרצערטן פנים, פון אַ קאַלטן שווייס באַדעקט, האָט מלכהלען צו־געגבן אַ מראה פון אַ הייליקער. די שוואַרצע, לאַנגע האָר פאַרנומען אויף אַרויף — אַ קרוין פון טונקעלן בראָנז אויף איר קאָפּ — אַ מידער קאָפּ פון אַ קימפעטאָרין, נאָכלעסיק פאַרוואָרפן אין אַ זייט. אַן איינגעפאַלענער בויך, אויסגעצויגענע פיס — איינגעטוליעטע אונטער אַן איבערבעט. קאַלט איז איר, מלכהלען. דער וולד איז נישט מיט איר. זי האָט דעם פּרי בטנה — „די קרוין פון באַשאַף", אומגעקערט צוריק אין די הענט פון באַשעפער.

**ביכער פון זעלבן מחבר:**

1) „זיין", לידער, מינכען, פאַרלאַג „פרייהייט", 1948
2) „ברויט", ראָמאַן, פאַרלאַג י. ל. פרץ תל־אביב, 1960
3) „זאַמד", ראָמאַן, פאַרלאַג י. ל. פרץ תל־אביב, 1963
4) „גורלות", ראָמאַן, פאַרלאַג „המנורה" תל־אביב, 1967
5) „יאָרן", ראָמאַן, פאַרלאַג י. ל. פרץ תל־אביב, 1973
6) „דאָ גייט אויף די זון", לידער, פאַרלאַג י. ל. פרץ תל־אביב, 1975
7) 9 „סיפורים", (עברית) פון יידיש — משה יונגמאַן, הוצאת ספרים מ. ניומן, תל־אביב, תשל"ט, 1979
8) „היי", ראָמאַן, פאַרלאַג י. ל. פרץ תל־אביב, 1982

גרייט צום דרוק אַ בוך עסייען.